# עדגאַר עלען פּאָו
# אויסגעוועהלטע ווערק

צווייטער באַנד



עדגאר עלען פאָ

# עסעיען און ליעדער

איבערזעצט פון ענגליש פון י. קיסין

פארלאג „יידיש" ניו-יארק

1920

## דער גרונדפרינציפּ אין פּאָעזיע

ריידענדיג וועגען דעם פּרינציפּ אין פּאָעזיע, האָב איך ניט די אבזיכט צו זיין אויספיהרליך אָדער טיף, אזוי ווי איך אונטערזוך דאָ גאַנץ צופעליג דעם עצם פון דעם, וואָס מיר רופען אַן פּאָעזיע, וועט מיין הויפּט ציעל זיין אויפצונעמען און באַטראַכטען אייניגע קלענערע ענגלישע אָדער אמעריקאַנער פּאָעמען, וואָס זיינען אַם מעהרסטען נאָך מיין געשמאַק, אָדער וואָס האָבען איבערגעלאָזען דעם בעשטימטסטען איינדרוק אויף מיין אייגענע פאַרשטעלונג. ריידענדיג וועגען „קלענערע פּאָעמען“, מיין איך נאַטירליך אַזעלכע, וואָס זיינען ניט לאַנג. און ערלויבט מיר דאָ אין אָנהויב צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם אביסעל אונגעוועהנליכען, זאָנדערבאַרען פּרינ־ציפּ, וואָס האָט אַלעמאָל באַאיינפלוסט מיין אייגענע קריטישע אָב־שאַצונג פון א פּאָעמאַ. איך האַלט, אַז א לאַנגע פּאָעמאָ איז גאָר ניטאָ. די פראַזע „אַ לאַנגע פּאָעמאַ“ איז אין מיין מיינונג, אַן איינ־פאַכער ווידערשפּרוך אין טערמינען.

איך דאַרף דאָ קוים באַמערקען, אַז א געדיכט פאַרדיענט דעם נאָמען נאָר דאַן, ווען עס רעגט אויף, דערהויבענדיג די נשמה. דער ווערט פון א געדיכט איז אין א דירעקטער באַציהונג צו אָט דער דער־הויבענדער אָנרעגונג. אָבער אַלע אָנרעגונגען זיינען, צוליעב א פּסי־כישער נויטווענדיגקייט, פאַרגענגליך. יענע מאָס פון רעגונג, וואָס גיט א געדיכט דאָס רעכט אויף דעם נאָמען, קען ניט אָנגעהאַלטען ווערען דורך אַ גאָר לאַנגע קאָמפּאָזיציאָן. און העכסטענס נאָך א האַלבער שעה נעמט די אָנרעגונג ווערען שוואַכער, מאַטער, דאַן קערט זיך די אויפמערקזאַמקייט אָפּ, און דאָס געדיכט איז פאַקטיש קיין געדיכט ניט.

פאַר א סך מענשען איז אָהן צווייפעל געווען שווער צו פאַראיי־ניגען דאָס קריטישע געזעץ, אז מילטאָן׳ס “Paradise Lost”

דאַרף פון אָנהויב ביז'ן סוף פאַרעהרט און פאַרגעטערט ווערען, מיט דער אבסאָלוטער אונמעגליכקייט אָנצוהאַלטען אין שטודיום די מאָס ענטוזיאזם, וואָס דאָס קריטישע געזעץ וואָלט פאַרלאַנגט. אין דער אמת'ען דאַרף מען באַטראַכטען דאָס גרויסע ווערק פאַר פּאָעטיש נאָר דאַן, ווען מיר לעגען אָפּ אַן א זייט יענעם נויטיגסטען פאַרבאַ־דינג פון אַלע קונסטווערק, איינהייט, און קוקען אויף דאָס געדיכט נאָר ווי אויף א רייה קלענערע פּאָעמען. ווען מיר לעזען דאָס גע־דיכט אין איין זיצונג, ווי דאָס וואָלט זיך געפאָדערט, אום אָנצו־האַלטען די איינהייט, די גאַנצקייט פון ווירקונג אָדער איינדרוק, וועט דער רעזולטאַט זיין, אז נאָך יעדער אויפרעגונג וועט קומען אַן איינדרוקלאָזער אָרט, און אזוי אין א לאַנגער רייה ביז צום סוף. נאָך א טייל, וואָס מיר וועלען אויפנעמען ווי אמת'ע פּאָעזיע, קומט אומפאַרמיידליך א טייל פון אזעלכע פלאַכקייטען, וואָס קיין פאַר־אויסבאַשטימטער קריטישער אורטייל קען אונז ניט צווינ־גען צו פאַרעהרען. ווען אָבער מיר ענדיגען דאָס ווערק און נע־מען דאָס ווידער לעזען, און מיר לאָזען אויס דאָס ערשטע בוך, דאָס הייסט, מיר הויבען אָן מיט דעם צווייטען, וועלען מיר ווערען ער־שטוינט איינצוזעהן, אז מיר פאַרעהרען דאָס, וואָס מיר האָבען פריהער פאַראורטיילט, און מיר פאַראורטיילען דאָס, וואָס מיר האָבען פריהער פאַרעהרט. דער שלוס פון דעם אַלעם איז, אז די לעצטע גאַנצע אָדער אבסאָלוטע ווירקונג פון אפילו דעם בעסטען עפּי־שען געדיכט אויף דער וועלט איז גאָרנישט, און אזוי איז דאָס טאַקי.

וואָס אַנבאַטרעפט די איליאַדע, האָבען מיר, אויב ניט גענוגענדע באַווייזען, איז וועניגסטענס א זעהר גוטען גרונד צו גלויבען, אז די אַבזיכט איז דאָ געווען א רייה פון קליינע לירישע פּאָעמען. אָבער אָננעמענדיג אפילו, אז די אַבזיכט איז דאָ געווען אַן עפּיש געדיכט, קען איך נאָר זאָגען, אז דאָס ווערק איז באַזירט אויף אַן אונפאָלקאָ־מען באַגריף פון קונסט. דאָס מאָדערנע עפּישע געדיכט איז נאָר אַן אונאַיבערלעגטע און בלינדע נאָכאַהמונג פון דעם אונעכטען מוסטער פון אַלטערטום. אָבער די צייט פון אזעלכע קינסטלערישע אונרע־געלמעסיגקייטען איז פאַראיבער. אויב א וועלכע עס איז זעהר לאַנ־

גע פּאָעמאַ איז ווען עס איז  גענויען  ווירקליך פּאָפּולער, — און איך צווייפעל אין דעם, — איז אָבער יעדענפאַלס קלאָר, אַז מעהר וועט שוין קיין זעהר לאַנגע פּאָעמאַ ניט זיין פּאָפּולער.

אַז די לענג פון אַ פּאָעטישען ווערק איז די מאָס פון זיין ווערט איז, איז אָט דער פאָרמולירונג, אָהן צווייפעל אַ גענוג קלאָרער אַב־סורד, און דאָך געפינען מיר אַזאַ באַהויפּטונג אין די „קוואָר־טערלי רעוויוס". עס קען דאָך זיכער גאָרניט זיין אין דער מאָס, — אין דעם אבסטראַקטען זין, — אין דער גרויס פון אַ באַנד, וואָס זאָל אַזוי אונאויפהערליך אַרויסרופען ענטציקונג פון אָט די סאַטור־נישע פּאַמפלעטען! אַ באַרג קען נאַטירליך מיט זיין פיזישער גרויס אַרויסרופען אַ געפיהל פון ערהאַבענקייט, אָבער אויף קיין מענשען וועט ניט מאַכען אַזאַ איינדרוק אַפילו די מאַטעריעלע גרויסקייט פון אַזאַ ווערק, ווי "The Columbiad". אַפילו די „קוואָר־טערלים" האָבען אונז ניט געלערענט צו באַקומען אַזאַ איינדרוק. ביז איצט זיינען זיי נאָך ניט באַשטאַנען אויף דעם, מען זאָל אָפּשאַצען לאַמאַרטין'ען נאָכ'ן קובישען פוס, אָדער פּאָלאָק'ען נאָכ'ן פונט: אָבער צו וועלכען אַנדערען שלוס קענען מיר קומען נאָך זייער שטענדיגער פּלוידעריי וועגען „דויערענדער אָנ־שטרענגונג"? אויב עמיצער וועט מיט אַזאַ „דויערענדער אנשטרענ־גונג" פאַרפאַסען אַן עפּיש געדיכט, איז זאָלען מיר זיין אויפריכטיג און לויבען איהם פאַר זיין מיה, — אויב דאָס איז ווירקליך אַזאַ לוי־בענסווערטע זאַך, — אָבער מיר דאַרפען זיך צוריקהאַלטען פון לוי־בען דאָס געדיכט צוליעב דער מיה, וואָס ער האָט דאָ פאַרוועגדט. לאָמיר האָפען, אַז דער געזונטער פאַרשטאַנד וועט אַמאָל קומען צום שלוס, אַז עס איז גלייכער צו ענטשיידען וועגען אַ קונסטווערק נאָך דעם איינדרוק, וואָס עס מאַכט, נאָך דעם עפעקט, וואָס עס ברענגט אַרויס, ניט נאָך דער צייט, וואָס האָט זיך געפאָדערט אַרויסצוברענ־גען דעם עפעקט, אָדער נאָך דער מאָס פון „דויערענדער אנשטרענ־גונג", וואָס מען האָט געפונען פאַר נויטיג אין אַרויסברענגען דעם עפעקט. דער אמת איז, אַז אויסדויער איז איין זאַך, און געניאַלי־טעט איז גאָר אַנאַנדער זאַך, און קיינע „קוואָרטערלים" אויף דער

וועלט וועלען די צוויי זאכען ניט קענען צומישען. מיט דער צייט זועט אַט דער אמת, צוזאמען מיט א סך אַנדערע, וואָס איך האָב אַנגעוויזען און באטאָנט, אַנגענומען ווערען ווי א זעלבסטפאַרשטענד־ליכע זאַך. דערווייל אָבער, זייענדיג פון אַלעמען אומעטום פאַר־אורטיילט ווי פאַלשקייטען, וועלען זיי אין עצם ניט פאַרלעצט ווערען ווי וואַרהייטען.

עס קען אָבער אויך געשעהן, אז א פּאָעמא זאָל זיין צו קורץ. אונגעהעריגע קורצקייט פאַלט אַראָפּ צו איינפאַכען עפּיגראַמאַטיזם. א זעהר קורצע פּאָעמא וועט אפשר צייטענווייז געבען א גלענ־צענדען אָדער לעבעדיגען עפעקט, וועט אָבער קיינמאָל ניט פּראָדו־צירען קיין טיפען עפעקט. פּאַר א טיפען איינדרוק איז נויטיג דער פּאַסיגער מעטאָד, די פּאַסיגע פאָרם. דע בעראַנזשע האָט אַרויסגע־בראַכט אָהן א צאָהל שאַרפע און באַוועגענדע זאַכען, אָבער בכלל זיינען זיי געווען צו אויבערפלעכליך, צו קענען זיך אריינקריצען טיף אין די עפענטליכע אויפמערקזאַמקייט, און אויף אַזא אופן זיינען זיי, ווי פעדערען פון פאַנטאַזיע, אַרויפגעפלויגען אין דער הויך און פאַרטראָגען געוואָרען מיט׳ן ווינט.

א מערקווירדיגער ביישפּיעל פון דער ווירקונג פון אונגעהעריגער קורצקייט צו פאַרפלאַכען א פּאָעמא און מאַכען עס אונפּאָפּולער האָ־בען מיר אין דער פאָלגענדער פיינער קליינער סערענאַדע: *)

I arise from dreams of thee
    In the first sweet sleep of night,
When the winds are breathing low,
    And the stars are shining bright.

I arise from dreams of thee,
    And a spirit in my feet
Has led me—who knows how?—
    To thy chamber-window, sweet!

The wandering airs they faint
    On the dark the silent stream—

*) אַן איבערזעצונג פון די לידער, וואָס ווערען ציטירט אין דער עסעי, געפינט זיך אויף זייט 113.

The champak odors fail
    Like sweet thoughts in a dream;

The nightingale's complaint,
    It dies upon her heart,
As I must die on thine,
    O, beloved as thou art!

O, lift me from the grass!
    I die, I faint, I fail!
Let thy love in kisses rain
    On my lips and eyelids pale.

My cheek is cold and white, alas!
    My heart beats loud and fast:
O, press it close to thine again,
    Where it will break at last!

זעהר ווענינ מענשען אפשר זיינען באַקאַנט מיט אָט די שורות, דאַך איז ניט קיין קלענערער פּאָעט ווי שעלי דער אויטאָר. די וואַרימע, דאַך צאַרטע און לופטיגע פאַנטאַזיע אין דעם ליעד וועלען אלע אָפּשאַצען, אָבער קיינער ניט אַזוי טיף, ווי דער, וואָס האָט אליין ערוואכט פון זיסע טרוימען ווענען אַ געליעבטער צו פאַרלירען זיך אין דער דופטיגער לופט פון א זידליכער נאַכט אין מיטען זומער.

איינס פון די פיינסטע ליעדער פון ווילים, דאָס גאָר בעסטע, אין מיין מיינונג, וואָס ער האָט ווען עס איז אָנגעשריבען, האָט, אַ דאַנק אָט דעמזעלביגען חסרון פון אונגעהעריגער קורצקייט, ניט פאַרנומען דעם פּאַסיגען אָרט, סאַי אין דער קריטישער, סאַי אין דער אַלגעמיינער אָפּשאַצונג:

The shadows lay along Broadway,
    'Twas near the twilight-tide—
And slowly there a lady fair
    Was walking in her pride.
Alone walk'd she; but, viewlessly,
    Walk'd spirits at her side.

Peace charm'd the street beneath her feet,
    And Honour charm'd the air;
And all astir looked kind on her,
    And called her good as fair—
For all God ever gave to her
    She kept with chary care.

She kept with care her beauties rare
    From lovers warm and true—
For heart was cold to all but gold,
    And the rich came not to woo—
But honour'd well her charms to sell,
    If priests the selling do.

Now walking there was one more fair—
    A slight girl, lily-pale;
And she had unseen company
    To make the spirit quail—
'Twixt Want and Scorn she walk'd forlorn,
    And nothing could avail.

No mercy now can clear her brow
    From this world's peace to pray,
For as love's wild prayer dissolved in air,
    Her woman's heart gave way!—
But the sin forgiven by Christ in Heaven,
    By man is cursed alway!

אין אָט דער קאָמפּאָזיציאָן איז שווער פאַר אונז צו דערקענען דעם ווילים, וואָס האָט געשריבען אזוי פיעל „געזעלשאַפטס פּאָעזיע". די שורות זיינען ניט נאָר רייך אין אידעאַליזם, נאָר פול מיט ענערגיע; און פון זיי אָטעמט אַן ערנסטקייט, אַן אויגענשיינליכע אויפריכטיגקייט פון געפיהל, וואָס מיר וועלען אומזיסט זוכען אין אַלע אַנדערע ווערק פון אָט דעם פּאָעט.

אין דער צייט ווען די עפּישע מאַניאַ, דער געדאַנק, אַז פּאָעזיע

מוז זיין לאַנג, אום צו האָבען אַ ווערט, האָט גענומען אין די לעצטע יאָהרען ביסלעכווייז אויסשטאַרבען ביי דעם בריטען עולם, ווייל עס איז אַ צו אייגענשיינליכער אַבסורד, איז אַנשטאָט דעם געקומען אַן אַנדער אַפּיקורסות, וואָס איז אפילו צו פאַלש, צו קענען לאַנג געדולדעט ווערען, וואָס האָט אָבער, מען קען זאָגען, אין דער קורצער צייט, וואָס זי איז געדולדעט געוואָרען, אויפגעטאָן מעהר צו פאַרדאַרבען אונזער פּאָעטישע ליטעראַטור, ווי אַלע אַנדערע פיינד פון אַט דער ליטעראַטור צוזאַמענגענומען. איך רעד דאָ וועגען דער אַפּיקורסות פון ד ע ם ד י ד א ק ט י ק ע ר. עס איז אָנגענומען געוואָרען, שווייגענדיג און אָפען, דירעקט און אינדירעקט, אַז דער לעצטער ציעל פון פּאָעזיע איז אמת. יעדעס געדיכט, זאָגט מען, דאַרף האָבען אין זיך אַ מאָראַל, און נאָך אָט דער מאָראַל זאָל דער פּאָעטישער ווערט פון דעם ווערק אָפּגעשאַצט ווערען. מיר, אַמעריקאַנער, האָבען באַזונדערס פּאַטראָניזירט אָט דעם געדאַנק, און מיר, באָסטאָנער, האָבען גאָר באַזונדערס ענטוויקעלט איהם. מיר האָבען זיך איינגענומען אין קאָפּ, אַז אָנצושרייבען אַ געדיכט איינפאַך צוליעב דעם געדיכט אַליין און ערקלערען, אַז דאָס איז געווען אונזער אַבזיכט, וואָלט געהייסען צוגעבען, אַז עס פעהלט אונז דורכאויס אמת'ע פּאָעטישע ווירדע און קראַפט. דער איינפאַכער אמת איז, אַז ווען מיר וואָלטען זיך נאָר ערלויבט אריינצוקוקען אין אונזערע אייגענע נשמות, וואָלטען מיר באַלד איינגעזעהן, אַז אויף דער וועלט איז ניטאָ און קען ניט זיין קיין ווערק, וואָס איז מעהר ווירדיג, מעהר ערהאַבען, ווי אָט דאָס געדיכט, אַ געדיכט, וואָס איז נאָר אַ געדיכט און מעהר קיין זאַך ניט, אַ געדיכט, וואָס איז אָנגעשריבען געוואָרען צוליעב דעם געדיכט אַליין.

פיהלענדיג אַזאַ טיפע אַכטונג צום אמת, ווי די, וואָס האָט ווען עס איז געקענט באַגייסטערען אַ מאַן'ס הארץ, וואָלט איך פונדעסטוועגען באַשרענקט ביז אַ געוויסען גראַד די אַרטען פון ווירקונג פון דעם אמת. איך וואָלט זיי באַשרענקט, אום זיי צו מאַכען שטאַרקער. איך וואָלט ניט געוואָלט זיי צואוואַרפען אין אַלע זייטען און דורכדעם זיי אָפּשוואַכען. די פאָדערונגען פון אמת זיינען שטרענג.

ער ווייס ניט פון קיין סימפּאַטיע פאר מירטען. גראָד דאָס, וואָס
איז אזוי נויטיג אין א ליעד, איז דאָס, מיט וואָס דער אמת האָט גאָר־
ניט צו טאָן. עס וואָלט דאָך געווען אַ נאַרישער פּאַראַדאָקס צו באַ־
פּוצען דעם אמת מיט ציערונגען און בלומען. דורכפיהרענדיג דעם
אמת, דאַרפען מיר האָבען מעהר שטרענגקייט, ווי א בלומיגע שפּראַך.
דאָ מוזען מיר זיין איינפאַך, שאַרף, גענוי. מיר מוזען זיין קיהל,
רוהיג, ליידענשאַפטסלאָז. מיט איין וואָרט, מיר מוזען זיין אין יע־
נער שטימונג, וואָס איז גראָד דער היפּוך פון דער פּאָעטישער. און
דער איז ווירקליך בלינד, וואָס קען ניט איינזעהן דעם ראַדיקאַלען
און אבגרונד־טיפען אונטערשיד צווישען די ווירקונגס אַרטען פון
פּאָעזיע. און דער איז האָפנונגסלאָז משוגע אויף טעאָריען, וואָס
ועט, ניט קוקענדיג אויף אַט די אונטערשידען, זיך איינשפּאַרען און
וועלען פאראייניגען די אונפאַראייגבאַרע אוילען און וואַסערען פון
פּאָעזיע און אמת.

איינטיילענדיג די גייסטיגע וועלט אין די דריי אויגענשיינליכ־
סטע טיילען, האָבען מיר דעם ריינעם אינטעלעקט, דעם געשמאַק און
דעם מאָראַלען זין. איך שטעל דעם געשמאַק אינמיטען, ווייל דאָס
איז דער אָרט, וואָס ער פאַרנעמט אין גייסט. מיט די צוויי עקסטרע־
מען איז דער געשמאַק אינטים פארבונדען; אָבער פון דעם מאָראַ־
לען זין איז ער אָפּגעטיילט דורך אַזאַ שוואַכען אונטערשיד, אז אריס־
טאָטעל האָט גאָר ניט געקלערט און האָט אריינגערעכענט איינינע
אויסדרוקען פון דעם געשמאַק צווישען די טוגענדען. פונדעסטוועגען
געפינען מיר, אז די פונקציאָנען פון דעם טריאָ זיינען דעפינירט גענוג
קלאָר און שאַרף. פונקט ווי דער אינטעלעקט באַשעפטיגט זיך מיט
דעם אמת, אזוי אינפאָרמירט אונז דער געשמאַק וועגען דער שעהנ־
הייט, און דער מאָראַלער זין רעדט צו אונז וועגען פליכט. און ווען
דאָס געוויסען לערענט אונז וועגען די פאַרפליכטונגען, און דער פאַר־
שטאַנד — וועגען דער צוועקמעסיגקייט, שטעלט זיך דער געשמאַק
צופרידען מיט דעם, וואָס ער ווייזט אַרויס דעם צויבער, דעם רייץ
פון זאַכען, און אויב ער ערקלערט קריעג דער זינד, איז דאָס נאָר
צוליעב איהר העסליכקייט, צוליעב דעם, וואָס זי לייקענט אָפּ פּראָ־

פּאַרץ און איז פיינדליך צו דעם, וואָס איז פּאַסיג, געהעריג, האַרמאָ־ניש, מיט איין וואָרט, צו שעהנהייט.

אַן אונשטערבליכער אינסטינקט, וואָס ליגט טיף אין דער גייסט פון מענשען, איז אויף אַזאַ אופן דער זין פאַר שעהנ־הייט. אַט וואָס עס ברענגט דעם מענשען זיין פרייד און ענטציקונג אין די פיעלפאַכע פאָרמען, קלאַנגען, ריחות און געפיהלען, צווישען וועלכע ער לעבט. און פּונקט ווי די ליליע ווערט ווידערהאָלט אין דעם וואַסער, אָדער די אויגען פון אַמארילים אין דעם שפּיגעל, אַזוי איז אויך די איינפאַכע מינדליכע אָדער געשריבענע ווידערהאָלונג פון אַט די פאָרמען און קלאַנגען און פאַרבען און ריחות און געפיהלען אַ דאָפּעלטער קוואַל פון ענטציקונג. אָבער אַט די איינפאַכע ווי־דערהאָלונג איז ניט פּאָעזיע. דער וואָס וועט איינפאַך זינגען וועגען די פאָרמען, די קלאַנגען, די ריחות, די קאָלירען, די געפיהלען, וואָס באַגריסען איהם צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענשהייט, מעג זיין ענטוזיאַזם זיין ווי גליהענדע, און מעג זיין באַשרייבונג זיין ווי וואָהר און לעבעדיג, וועט ער נאָך אַלץ ניט האָבען באַוויזען זיין רעכט אויף דעם געטליכען טיטעל. אין דער ווייט וועט נאָך אַלץ זיין עפּעס, וואָס ער האָט ניט געקענט דערגרייכען. עס איז נאָך אַלץ פאַראַן אַן אונשטילבאַרער דורשט, צו שטילען וועלכען ער האָט אונז ניט געוויזען די קריסטאַלענע קוואַלען. אַט דער דורשט געהערט צו דער אונשטערבליכקייט פון מענשען. דאָס איז צו דערזעלבער צייט אַ רעזולטאַט און אַן אָנווייזונג פון זיין אייביגער עקזיסטענץ. דאָס איז דאָס שטרעבען פון דער מאָט צו אַ שטערן. דאָס איז ניט נאָר אַן אָפּשאַצונג פון דער שעהנהייט פאַר אונז, נאָר אַ ווילדער דראַנג צו דערגרייכען די שעהנהייט איבער אונז. באַגייסטערט פון אַן עקסטאַטישען פאָראויסוויסען פון די הערליכקייטען אויף יענער זייט פון קבר, מאַכען מיר גרויסע אָנשטרענגונגען דורך פיעלפאַכע קאָמבי־נאַציאָנען צווישען די זאַכען און געדאַנקען פון צייט צו דערגרייכען אַ טייל פון יענער ליעבליכקייט, וועמעס עלעמענטען האָבען אפשר אַ באַציהונג נאָר צו דער אייביגקייט. און ווען מיר וויינען, דורך פּאָעזיע, אָדער דורך מוזיק, די באַצויבערענדסטע פון אַלע פּאָעטישע

שטימונגען, ווײַנען מיר דאַן, ניט ווי דער אַבאַט גראַווינאַ מיינט, צו־ ליעב אַן איבערפלוס פון פאַרגניגען, נאָר צוליעב אַ געוויסען פרעכען, אונגעדולדיגען וועה, וואָס מיר קענען ניט אָננעמען איצט, אינ־ גאַנצען, דאָ אויף דער ערד, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, יענע געטליכע און ענטציקענדע פריידען, פון וועלכע מיר באַקומען, דורך דאָס גע־ דיכט אָדער דורך די מוזיק, נאָר אַ קורצען און אונבאַשטימטען אָפּ־ שיין.

דאָס שטרעבען צו באַגרייפען די העכערע ליעבליכקייט, — אַט דאָס שטרעבען פון נשמות, וואָס זיינען פאַר דעם געהעריג באַשאַפען געוואָרען, — האָט געגעבען דער וועלט דאָס, וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געקענט באַגרייפען און פּיהלען ווי פּאָעזיע.

דאָס פּאָעטישע געפיהל קען, נאַטירליך, זיך ענטוויקלען אין פאַרשידענע אַרטען, — אין מאַלעריי, אין סקולפּטור, אין אַרכיטעק־ טור, אין טאַנצען, גאַנץ באַזונדערס אין מוזיק, און אויף אַ גאַר באַ־ זונדערען אופן, און מיט אַ ברייטען פעלד אין דער קאָמפּאָזיציאָן פון דעם לאַנדשאַפט גאַרטען. אונזער איצטיגע טעמאַ אָבער איז באַ־ שרענקט אויף די אויסדרוקען פון דעם פּאָעטישען געפיהל אין ווער־ טער. און ערלויבט מיר דאָ צו זאָגען עטליכע ווערטער וועגען דעם ריטם. באַגניגענדיג זיך מיט דער זיכערהייט, אַז מוזיק, אין איהרע פאַרשידענע אַרטען פון מעטער, ריטם און ריים, איז אַזוי אונגעהויער וויכטיג אין פּאָעזיע, אַז זי קען קיינמאָל ניט צוריקגעוויזען ווערען פון אַ פאַרנינפטיגען גרונד; אַז זי איז אַזאַ נויטיגער צוגאַב, אַז דער איז איינפאַך נאַריש, וואָס וועט זיך ניט באַנוצען מיט איהר הילף, — וועל איך זיך איצט דאָ ניט אָפּשטעלען צו ערקלערען איהר אַבסאָלוטע וויכטיגקייט. אפשר אין מוזיק דערגרייכט די נשמה אַם נאָהנטסטען דעם גרויסען ציעל, צו וועלכען זי שטרעבט, ווען זי ווערט באַגייס־ טערט פון דעם פּאָעטישען געפיהל, — די באַשאַפונג פון העכערער שעהנהייט. עס קען טאַקי זיין, אַז פון צייט צו צייט ווערט דאָ דער ערהאַבענער ציעל ווירקליך דערגרייכט. אָפטמאָל מו־ זען מיר דערפיהלען, מיט אַ ציטער פון ענטציקונג, אַז פון אַן ערדישער האַרף ווערען אַרויסגעצויגען טענער, וואָס קענען ניט זיין

אונבאַקאַנט פאַר די מלאכים. אויף אַזאַ אופן קען מען קוים צוויי־פּ־לען, אַז אין דער פאַראייניגונג פון פּאָעזיע און מוזיק אין דעם פאַפאָר־לערען זין וועלען מיר געפינען דאָס ברייטסטע פעלד פאַר דער פּאָעט־טישער ענטוויקלונג. די אַלטע באַרדען און מינעזינגער האָבען גע־האַט פאַרטיילען, וואָס מיר האָבען ניט, און טאָמאָס מור, זינגענדיג זיינע אייגענע ליעדער, האָט אויף דעם לעגיטימסטען אופן זיי פאַר־פאָלקאָמט ווי פּאָעמען.

איצט וועל איך רעזומירען: איך וואָלט דעפינירט קורץ די פּאָעזיע פון ווערטער ווי די ריטמישע באַשאַפונג פון שעהנהייט. דער איינציגער ריכטער דאָ איז געשמאַק. מיט דעם אינטעלעקט אָדער מיט דעם געוויסען האָט דאָס נאָר זייטיגע באַציהונגען. די פּאָעזיע פון ווערטער האָט גאָרניט צו טאָן מיט פליכט אָדער מיט אמת, סאַידען גאַנץ צופעליג.

עס זיינען אָבער נויטיג עטליכע ווערטער דאָס צו ערקלערען. דאָס פאַרגניגען, וואָס איז אין דערזעלבער צייט אי דאָס ריינסטע, אי דאָס ערהאַבענסטע, אי דאָס אינטענסיווסטע, קומט צו אונז, אין מיין מיינונג, ווען מען באַטראַכט דאָס שעהנע. נאָר אין דער באַ־טראַכטונג פון שעהנהייט איז פאַר אונז מעגליך צו דערגרייכען יענע אנגענעמע דערהויבונג אָדער אויפרעגונג פון דער נשמה, וואָס מיר אנערקענען ווי דאָס פּאָעטישע געפיהל, און וואָס קען אַזוי לייכט אונטערשיידט ווערען פון אמת, דער באַפרידיגונג פון פאַר־שטאַנד, אָדער פון ליידענשאַפט, דער אויפרעגונג פון האַרצען. איך מאַך די שעהנהייט פאַר דאָס פעלד פון דעם געדיכט, איינפאַך ווייל דאָס איז אַן אויגענשיינליכער רעגעל פון קונסט, אַז פאַלגען זאָלען קומען אַזוי דירעקט ווי מעגליך פון זייערע אורזאַכען: קיינער איז נאָך ניט געווען גענוג פלאַך אָפּצולייקענען, אַז די באַזונדערע דער־הויבונג, וואָס מיר באַטראַכטען דאָ, קען ווייניגסטענס דערגרייכט ווע־רען אם לייכטסטען אין דעם געדיכט. מען דאַרף אָבער פון דעם בשום אופן ניט שליסען, אַז די אַנטריבען פון ליידענשאַפט, די פאַרשריפטען פון פליכט, אָדער אפילו די לעהרען פון אמת קענען

ניט אריינגעפיהרט ווערען אין א געדיכט, און בריינגען געוויסע נוצען אפילו; ווייל זיי קענען אויף פארשידענע אופנים דיענען צופעליג די אלגעמיינע אבזיכטען פון דעם ווערק. אבער דער אמת'ער קינסט־לער וועט אלעמאל זעהן אראפצוברענגען זיי צו דער געהעריגער אונ־טערטעניגקייט צו יענער ש ע נ ה י י ט, וואס איז די אטמאס־פער און דער אמת'ער עצם פון דעם געדיכט.

איך קען בעסער ניט אנהויבען די עטליכע פאעמען, וואס איך וועל דא ברענגען פאר אייער באטראכטונג, ווי מיט ציטירען די איינ־לייטונג צו לאנגפעלאו'ס "Waif":

The day is done, and the darkness
  Falls from the wings of Night,
As a feather is wafted downward
  From an Eagle in its flight.

I see the lights of the village
  Gleam through the rain and the mist,
And a feeling of sadness comes o'er me,
  That my soul cannot resist;

A feeling of sadness and longing,
  That is not akin to pain,
And resembles sorrow only
  As the mist resembles the rain.

Come, read to me some poem,
  Some simple and heartfelt lay,
That shall soothe this restless feeling
  And banish the thoughts of day.

Not from the grand old masters,
  Not from the bards sublime,
Whose distant footsteps echo
  Through the coridors of Time.

For, like strains of martial music,
Their mighty thoughts suggest
Life's endless toil and endeavor;
And to-night I long for rest.

Read from some humbler poet,
Whose songs gushed from his heart,
As showers from the clouds of summer,
Or tears from the eyelids start;

Who through long days of labor,
And nights devoid of ease,
Still heard in his soul the music
Of wonderful melodies.

Such songs have power to quiet
The restless pulse of care,
And come like the benediction
That follows after prayer.

Then read from the treasured volume
The poem of thy choice,
And lend to the rhyme of the poet
The beauty of thy voice.

And the night shall be filled with music,
And the cares that infest the day,
Shall fold their tents like the Arabs,
And as silently steal away.

ביי דעם׳ניט גרויסען שוואונג פון פּאעזיע אין אָט די שורו.„ האַט מען זיי אָבער מיט רעכט פֿארעהרט פאַר די פיינקייט פון אויס־דרוק. אייניגע בילדער זיינען זעהר איינדרוקספול. קיין זאַך קען ניט זיין בעסער, ווי —

—————the bards sublime,
Whose distant footsteps echo
Down the corridors of Time.

דער געדאַנק פון די לעצטע פּאָר שורות איז אויך זעהר איינ־דרוקספול. דאָס גאַנצע געדיכט אָבער פאַרדיענט פאַרעהרט צו ווע־רען הויפּטזעכליך פאַר די גראַציעזקייט פון זיין מעטער, וואָס איז אַזוי אין איינקלאַנג מיט דער נאַטור פון די געפיהלען, און באַזונ־דערס פאַר די ל י י כ ט ק י י ט פון דער אַלגעמיינער מאַניר. אַט די „לייכטקייט", אָדער נאַטירליכקייט, אין אַ ליטעראַרישען סטיל, איז מען לאַנג געוואוינט געווען צו באַטראַכטען ווי לייכטקייט אין אויסזעהן נאָר, וואָס איז אין דער ווירקליכקייט זעהר שווער צו דער־גרייכען. אָבער דאָס איז ניט אַזוי: אַ נאַטירליכע מאַניר איז שווער נאָר פאַר דעם, וואָס דאַרף דאָס קיינמאָל ניט פּרואווען, — פאַר דעם אוננאַטירליכען. דאָס איז נאָר דער רעזולטאַט פון שרייבען מיט דער פאַרשטענדניס, אָדער מיט דעם אינסטינקט, אַז ד ע ר ט אָ ן, אין קאָמפּאָזיציאָן, דאַרף אַלעמאָל זיין דאָס, וואָס די מענשליכע מאַסע וועט אָננעמען, און מוז, נאַטירליך, שטענדיג וואַריאירט ווערען נאָך די אומשטענדען.

פון די קלענערע פּאָעמען פון ברייענט האָט קיינע ניט געמאַכט אויף מיר אַזאַ איינדרוק, ווי די, וואָס ער רופט אָן "June" איך ציטיר דאָ נאָר אַ טייל:

There, through the long, long summer hours,
The golden light should lie,
And thick young herbs and groups of flowers
Stand in their beauty by.
The oriole should build and tell
His love-tale, close beside my cell;
The idle butterfly
Should rest him there, and there be heard
The housewife-bee and humming bird.

And what if cheerful shouts, at noon,
Come, from the village sent,
Or songs of maids, beneath the moon,
With fairy laughter blent?

And what if, in the evening light,
Betrothéd lovers walk in sight
Of my low monument?
I would the lovely scene around
Might know no sadder sight nor sound.

I know, I know, I should not see
The season's glorious show,
Nor would its brightness shine for me;
Nor its wild music flow;
But if, around my place of sleep,
The friends I love should come to weep,
They might not haste to go.
Soft airs and song, and light and bloom,
Should keep them lingering by my tomb.

These to their soften'd hearts should bear
The thoughts of what has been,
And speak of one who cannot share
The gladness of the scene;
Whose part, in all the pomp that fills
The circuit of the summer hills,
Is—that his grave is green;
And deeply would their hearts rejoice
To hear again his loving voice.

דער שטראָם פון ריטם דאָ איז אפילו וואויל־לוסטיג, וואָלט גאָר ניט געקענט זיין מעהר מעלאַדיש. דאָס געדיכט האָט אַלעמאָל אויף מיר געווירקט אויף אַ באַזונדערען אופן. די אינטענסיווע מעלאַנכאָליע, וואָס שיינט ארויפצוקומען מיט קראַפט צו דער אויבערפלאַך פון אלע מונטערע רעד פון דעם פּאָעט וועגען זיין קבר, רעגט אויף ביז טיף אין דער נשמה, און אין דער אויפרעגונג איז פאַראַן די עכטסטע פּאָעטישע דערהויבונג. דער איינדרוק, וואָס באַקומט זיך, איז אַנגענעמער טרויער. און אויב אין די אנדערע פּאָעמען, וואָס איך וועל דאָ ברענגען, קען מען אַלעמאָל באַמערקען אַ מעהר אָדער

וועניגער עהנליכעז טאָן, לאָזט מיר אייך דערמאנען, אז (מיר ווייסען ניט ווי אזוי אָדער פארוואָס) אָט דער שטריך פון אומעט איז אונ־צוטיילבאר פארבונדען מיט אלע העכערע אויסדרוקען פון שעהנ־הייט. דאָס איז אָבער —

A feeling of sadness and longing
That is not akin to pain,
And resembles sorrow only
As the mist resembles the rain.

דעם שטריך, וועגען וועלכען איך רייד, קען מען קלאָר דערזעהן אפילו אין א פּאָעמא, וואָס איז אזוי פול מיט גלאַנץ און גייסט, ווי "The Health" פון עדוארד קוט פּינקני:

I fill this cup to one made up
Of loveliness alone,
A woman, of her gentle sex
The seeming paragon;
To whom the better elements
And kindly stars have given
A form so fair, that like the air,
'Tis less of earth than heaven.

Her every tone is music's own,
Like those of morning birds,
And something more than melody
Dwells ever in her words;
The coinage of her heart are they,
And from her lips each flows
As one may see the burden'd bee
Forth issue from the rose.

Affections are as thoughts to her,
The measures of her hours;

Her feelings have the fragrancy,
The freshness of young flowers;
And lovely passions, changing oft,
So fill her, she appears
The image of themseves by turns,—
The idol of past years!

Of her bright face one glance will trace
A picture on the brain,
And of her voice in echoing hearts
A sound must long remain;
But memory, such as mine of her,
So very much endears,
When death is nigh, my latest sigh
Will not be life's, but hers.

I fill this cup to one made up
Of loveliness alone,
A woman, of her gentle sex
The seeming paragon—
Her health! and would on earth there stood,
Some more of such a frame,
That life might be all poetry,
And weariness a name.

דאס איז געווען אן אונגליק פאר מר. פינקני, וואס ער איז געבארען געווארען צו ווייט אין זיד. ווען ער וואלט געווען א ניי־ענגלענדער, וואלט ער ווארשיינליך פאררעכענט געווארען פאר דעם גרעסטען אמעריקאנער ליריקער ביי יענער גרופע גרויסמוטיגע פארשווערער, וואס האבען אזוי לאנג קאנטראלירט דאס שיקזאל פון דער אמעריקאנישער ליטעראטור, אנפיהרענדיג די זאך, וואס ווערט גערופען „דהי נארט אמעריקאן רעוויו". דאס נאר וואס ציטירטע געדיכט איז באזונדערם שעהן; אבער די פאעטישע דערהויבונג, וואס עס רופט ארויס, מוזען מיר צושרייבען הויפטזעכליך צו אונזער מיטגעפיהל און אינטערעס אין דעם פאעט'ס ענטוזיאזם. מיר פארגיבען איהם

זיינע איבערטרייבונגען פאר די אויגענשיינליכע ערנסטקייט, מיט וועלכער זיי ווערען אַרויסגעבראַכט.

עס איז אָבער גאָר ניט געווען מיין אַבזיכט זיך צו פאַרברייטען וועגען די מ ע ל ו ת פון די זאַכען, וואָס איך ברענג דאָ. זיי וועלען מוזען רעדען אַליין פאַר זיך. באַקאַליני, אין זיין "Advertisement from Parnassus" דערצעהלט אונז, אַז זאַאילוס האָט איינמאָל פּרעזענטירט אַפּאָלאָ'ן מיט אַ זעהר בייסיגער קריטיק איבער אַ זעהר באַוואונדערענסווערטען בוך. דער גאָט האָט איהם דאַן געפרעגט וועגען די שעהנקייטען פון דעם בוך. זאַאילוס האָט געענטפערט, אַז ער באַשעפטיגט זיך נאָר מיט די פעהלערען. הערענדיג דאָס, האָט איהם אַפּאָלאָ געגעבען אַ זאַק מיט ניט אויסגעבלאָזענעם ווייץ און האָט איהם געהייסען אויסקלייבען ד ע ם ג אַ נ צ ע ן ש פּ ר י י. און דאָס זאָל זיין באַלוינונג.

די פאַבעל איז טאַקי זעהר פּאַסיג, ווען זי איז געציעלט אין די קריטיקער, אָבער איך בין ווייט ניט זיכער, אַז דער גאָט איז געווען גערעכט. איך בין ווייט ניט זיכער, אַז די אמת'ע גרענעצען פון דער קריטישער אויפגאַבע ווערען ניט מיספאַרשטאַנען אויף אַ גראָבען אופן. פאָלקאָמענהייט, אין אַ געדיכט באַזונדערס, קען באַטראַכט ווערען אין דעם ליכט פון אַן אַקסיאָם, וואָס דאַרף נאָר אויף אַ געהעריגען אופן אַוועקגעשטעלט ווערען, צו ווערען זעלבסטפאַרשטענדליך. עס איז נ י ט אַ קיין פאָלקאָמענהייט, וואו מען דאַרף דאָס באַווייזען. און ווען מען דאַרף צו שטאַרק אונטערשטרייכען די מעלות פון אַ קונסטווערק, הייסט דאָס, אַז מען גיט צו, אַז זיי זיינען אינגאַנצען ניט קיין מעלות.

צווישען די „מעלאָדיעןי" פון טאָמאַס מור איז פאַראַן איינע, וועמעס גרויסע פּאָעטישע מעלות ווערען, ווייזט אויס, גאָר ניט באַמערקט. איך רעד וועגען דעם געדיכט, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: "Come, rest in this bosom". קיין זאַך בייראָן'ס איבערטרעפט ניט די אינטענסיווע ענערגיע פון אויסדרוק דאָ. מיר געפינען דאָ צוויי שורות, וואו אַ געפיהל ווערט איבערגעגעבען, וואָס פאַרקערפּערט דאָס אַ ל ץ פון דער געטליכער ליידענשאַפט פון

ליעבע ; א סענטימענט, וואס האט אפשר געפונען אן אבקלאנג אין מעהר ליידענשאפטליכע מענשליכע הערצער, ווי וועלכער עס איז אנדערער סענטימענט. וואס איז ווען עס איז פארקערפערט געווארען אין ווערטער :

Come, rest in this bosom, my own stricken deer,
Though thy herd have fled from thee, thy home is still here;
Here still is the smile, that no cloud can o'ercast,
And a heart and a hand all thy own to the last.

Oh! what was love made for, if 'tis not the same
Through joy and through torment, through glory and
shame?
I know not, I ask not, if guilt's in that heart,
I but know that I love thee, whatever thou art.

Thou hast call'd me thy Angel in moments of bliss,
And thy Angel I'll be 'mid the horrors of this,—
Through the furnace, unshrinking, thy steps to pursue,
And shield thee, and save thee,—or perish there too!

די לעצטע צייטען איז געווען אין מאדע צו לייקענען, אז מור האט יענע איינבילדונגס קראפט, וואס ווערט באצייכענט מיט'ן ווארט "imagination", און צו דערזעלבער צייט צוגעבען, אז ער פארמאגט די פאנטאזיע וואס ווערט אנגערופען "fancy" דער אונטערשיד שטאמט פון קאלרידזש'ען, וואס האט מעהר פון אלע אנדערע מענשען איינגעזעהן און אפגעשאצט מור'ס גרויסע קראפט. דער אמת איז, אז די פאנטאזיע פון אט דעם פאעט איבערוועגט אזוי שטארק זיינע אנדערע אייגענשאפטען, און די פאנטאזיע פון אלע אנדערע מענשען, אז דאס האט נאטירליכערווייז געמוזט פיהרען צום געדאנק, אז ער איז נ א ר פאנטאסטיש. אבער קיינמאל איז נאך קיין גרעסערער טעות ניט געמאכט געווארען. קיינמאל איז נאך קיין גרעסערער אונרעכט ניט באגאנגען געווארען אנטקעגען דעם

רוהם פון אן אמת'ען פּאָעט. אין דער גאנצער ענגלישער שפּראַך
קען איך זיך ניט דערמאָנען קיין פּאָעמאַ, וואָס ווייזט ארויס א טי־
פערע און צויבערליכערע פאָרשטעלונגס־קראפט, אין דעם בעסטען
זין, ווי די שורות, וואָס הויבען זיך אָן מיט די ווערטער "I —
would I were by that dim lake", וואָס זיינען אָנגעשריבען
געוואָרען פון טאָמאס מור.

איינער פון די נאָבעלסטע, און, ריידענדיג וועגען פאַנטאַזיע,
פון די אַם אייגענאַרטיגסט פאַנטאַסטישע פון מאָדערנע פּאָעטען
איז געווען טאָמאס הוד. זיין "Fair Ines" האָט אַלעמאָל גע־
האט פאר מיר אן אונערקלערליכען צויבער:

O saw ye not fair Ines?
She's gone into the West,
To dazzle when the sun is down,
And rob the world of rest;
She took our daylight with her,
The smiles that we love best,
With morning blushes on her cheek,
And pearls upon her breast.

O turn again, fair Ines
Before the fall of night,
For fear the moon should shine alone,
And stars unrivall'd bright;
And blessed will the lover be
That walks beneath their light,
And breathes the love against thy cheek
I dare not even write!

Would I had been, fair Ines,
That gallant cavalier,
Who rode so gaily by thy side,
And whisper'd thee so near!
Were there no bonny dames at home,
Or no true lovers here,

That he should cross the seas to win
The dearest of the dear?

I saw thee, lovely Ines,
Descend along the shore,
With bands of noble gentlemen,
And banners waved before;
And gentle youth and maidens gay,
And snowy plumes they wore;
It would have been a beauteous dream,
If it had been no more!

Alas, alas, fair Ines,
She went away with song,
With music waiting on her steps,
And shoutings of the throng;
But some were sad and felt no mirth,
But only Music's wrong,
In sounds that sang Farewell, Farewell,
To her you've loved so long.

Farewell, farewell, fair Ines,
That vessel never bore
So fair a lady on its deck,
Nor danced so light before,—
Alas for pleasure on the sea,
And sorrow on the shore!
The smile that blest one lover's heart
Has broken many more!

“The Haunted House” פון דעמזעלבען אויטאָר איז איינע פון די עכטסטע פּאָעמען, וואָס זיינען ווען עס איז אנגעשריבען געוואָרען, — איינע פון די ע כ ט ס ט ע, איינע פון די פאָלקאָמסטע, איינע פון די דורכאויס קינסטלערישע, סאַי אין טעמא, סאַי אין אויספיהרונג. נאָכמעהר, דאָס איז א פּאָעמא, וואָס איז זעהר שטארק אידעאל, — פול מיט איינבילדונגס קראַפט. א שאָד, וואָס

די פּאָעמא איז אזוי לאנג, אז איך קען זי דאָ ניט ברענגען. אנשטאָט איהר ערלויבט מיר דאָ פּאָרצוברענגען די אלגעמיין אנערקענטע פּאָעמא "Bridge of Sighs":

One more Unfortunate,
Weary of breath,
Rashly importunate
Gone to her death!

Take her up tenderly,
Lift her with care;—
Fashion'd so slenderly,
Young and so fair!

Look at her garments
Clinging like cerements;
Whilst the wave constantly
Drips from her clothing;
Take her up instantly,
Loving, not loathing.—

Touch her not scornfully;
Think of her mournfully,
Gently and humanly;
Not of the stains of her,
All that remains of her
Now, is pure womanly.

Make no deep scrutiny
Into her mutiny
Rash and undutiful;
Past all dishonor,
Death has left on her
Only the beautiful.

Still, for all slips of hers,
One of Eve's family—

Wipe those poor lips of hers
Oozing so clammily,
Loop up her tresses
Escaped from the comb,
Her fair auburn tresses;
Whilst wonderment guesses
Where was her home?

Who was her father?
Who was her mother?
Had she a sister?
Had she a brother?
Or was there a dearer one
Still, and a nearer one
Yet, than all other?

Alas! for the rarity
Of Christian charity
Under the sun!
Oh! it was pitiful!
Near a whole city full,
Home she had none.

Sisterly, brotherly,
Fatherly, motherly,
Feelings had changed:
Love, by harsh evidence,
Thrown from its eminence;
Even God's providence
Seeming estranged.

Where the lamps quiver
So far in the river,
With many a light
From window and casement,
From garret to basement.
She stood, with amazement,
Houseless by night.

The bleak wind of March
Made her tremble and shiver;
But not the dark arch,
Or the back flowing river;
Mad from life's history,
Glad to death's mystery,
Swift to be hurl'd—
Anywhere, anywhere
Out of the world!

In she plunged boldly,
No matter how coldly
The rough river ran,—
Over the brink of it,
Picture it—think of it,
Dissolute Man!
Lave in it, drink of it
Then, if you can!

Take her up tenderly;
Lift her with care;
Fashion'd so slenderly,
Young, and so fair!
Ere her limbs frigidly
Stiffen too rigidly,
Decently,—kindly,—
Smooth and compose them;
And her eyes, close them,
Staring so blindly!

Dreadfully staring
Through muddy impurity,
As when with the daring
Last look of despairing
Fixed on futurity.

Perishing gloomily,
Spurred by contumely,

Cold inhumanity,
Burning insanity,
Into her rest,—
Cross her hands humbly,
As if praying dumbly,
Over her breast!
Owning her weakness,
Her evil behavior,
And leaving, with meekness,
Her sins to her Savior!

די קראַפט פון אַט דער פּאָעמא איז ניט וועניגער מערקווירדיג, ווי איהר פּאַטאָס. די ווערסיפיקאַציאָן, כאָטש זי ווערט דערפיהרט ביז צו דעם גרענעץ פון דעם פאַנטאַסטישען, איז דאָך וואונדערליך צוגעפּאַסט צו דעם ווילדען וואַנזין, וואָס איז דער טעזיס פון דער פּאָעמא.

צווישען די קלענערע פּאָעמען פון לאָרד בייראָן איז פאַראַן איי־נע, וואָס איז קיינמאָל ניט געלויבט געוואָרען פון די קריטיקער אזוי ווי זי פאַרדינט אהן צווייפעל:

Though the day of my destiny's over,
And the star of my fate hath declined,
Thy soft heart refused to discover
The faults which so many could find;
Though thy soul with my grief was acquainted,
It shrunk not to share it with me,
And the love which my spirit hath painted
It never hath found but in thee.

Then when nature around me is smiling,
The last smile which answers to mine,
I do not believe it beguiling,
Because it reminds me of thine;
And when winds are at war with the ocean,
As the breasts I believed in with me,

If their billows excite an emotion,
It is that they bear me from **thee.**

Though the rock of my last hope is shivered,
And its fragments are sunk in the wave,
Though I feel that my soul is delivered
To pain—it shall not be its slave.
There is many a pang to pursue me:
They may crush, but they shall not contemn—
They may torture, but shall not subdue me—
'Tis of **thee** that I think—not of them.

Though human, thou didst not deceive me,
Though woman, thou didst not forsake,
Though loved, thou forborest to grieve me,
Though slandered, thou never couldst shake,—
Though trusted, thou didst not disclaim me,
Though parted, it was not to fly,
Though watchful, 'twas not to defame me
Nor mute, that the world might belie.

Yet I blame not the world, nor despise it,
Nor the war of the many with one—
If my soul was not fitted to prize it,
'Twas folly not sooner to shun:
And if dearly that error hath cost me,
And more than I once could foresee,
I have found that whatever it lost me,
It could not deprive me of *thee.*

From the wreck of the past, which hath perished,
Thus much I at least may recall,
It hath taught me that what I most cherished
Deserved to be dearest of all:

In the desert a fountain is springing,
In the wide waste there still is a tree,
And a bird in the solitude singing,
Which speaks to my spirit of *thee.*

כאָטש דער ריטם איז דאָ איינער פון די שווערסטע. קען מען די ווערסיפיקאַציאָן קוים אויסבעסערן. קיין נאָבעלערע ט ע מ אַ האָט קיינמאָל ניט באַשעפטיגט אַ פּאָעט. דאָס איז דער נשמה דער־הויבענדער געדאַנק, אַז קיין מאַן קען זיך ניט באַטראַכטען ווי באַרעכ־טיגט צו באַקלאָגען זיך אויף דאָס שיקזאַל, ווען איהם איז שלעכט, אָבער ווען ער האָט נאָך אַלץ די פעסטע ליעבע פון אַ פרוי.

פון אלפרעד טעניסאָן, כאָטש איך באַטראַכט איהם אויפריכטיג ווי דעם נאָבעלסטען פּאָעט, וואָס האָט ווען עס איז געלעבט, האָב איך מיר איבערגעלאָזען צייט צו ציטירען נאָר אַ זעהר קורצען מוסטער. איך רוף איהם אָן און באַטראַכט איהם ווי דעם נאָבעלסטען פון אלע פּאָעטען נ י ט ווייל די איינדרוקען פון איהם זיינען אַ ל ע מ אָ ל די טיפסטע, און נ י ט ווייל די פּאָעטישע רעגונג, וואָס ער רופט אַרויס, איז אַ ל ע מ אָ ל די אינטענסיווסטע, נאָר ווייל ער איז אַלעמאָל דער לופטיגסטער, אין אנדערע ווערטער, דער רייניסטער און וואָס דערהויבט אַם מעהרסטען. קיין פּאָעט איז נאָך ניט אזוי ווייניג פון דער ערד. וואָס איך וועל דאָ ברענגען איז פון זיין לעצטער פּאָ־עמאַ "The Princess":

Tears, idle tears, I know not what they mean,
Tears from the depth of some divine despair
Rise in the heart, and gather to the eyes,
In looking on the happy Autumn fields,
And thinking of the days that are no more.

Fresh as the first beam glittering on a sail,
That brings our friends up from the underworld,
Sad as the last which reddens over one
That sinks with all we love below the verge;
So sad, so fresh, the days that are no more.

Ah, sad and strange as in dark summer dawns
The earliest pipe of half-awaken'd birds
To dying ears, when unto dying eyes
The casement slowly grows a glimmering square;
So sad, so strange, the days that are no more.

Dear as remember'd kisses after death,
And sweet as those by hopeless fancy feign'd
On lips that are for others; deep as love,
Deep as first love, and wild with all regret;
O Death in Life, the days that are no more.

איך האָב דאָ געפּרואווט אייך איבערגעבען מיין באַגריף וועגען דעם פּאָעטישען פּרינציפּ, כאָטש אויף א זעהר אויבערפלעכליכען און ניט גענוגענדען אופן. מיין אבזיכט איז געווען אָנצואווייזען, אַז, אין דער צייט ווען אָט דער פּרינציפּ אַליין איז, שטרענג גערעדט, איינפאַך די מענשליכע שטרעבונג צו העכסטער שענהייט, באַשטעהט דער אויסדרוק פון דעם פּרינציפּ אַלעמאָל אין א דערהויבענדער אויפרעגונג פון דער נשמה, אינגאַנצען אונאָבהענגיג פון יענער ליידענשאַפט, וואָס איז די באַרוישונג פון דעם הארצען, אָדער פון דעם אמת, וואָס איז די באַפרידיגונג פון דעם פאַרשטאַנד. ווייל וואָס אַנבאַטרעפט די ליידענשאַפט, איז, ליידער, איהר טענדענץ גיכער צו דעגראַדירען, איידער צו דערהויבען די נשמה. פאַרקערט אָבער, ליעבע, דער אמת'ער, געטליכער עראָס, די אוראַניער און ניט די דיאָנעער ווענוס, איז אָהן צווייפעל די ריינסטע און עכטסטע פון אלע פּאָעטישע טעמען. און וואָס אַנבאַטרעפט אמת, איז, פאַרשטעהט זיך, אויב, דערגרייכענדיג אַן אמת, קענען מיר איינזעהן א האַרמאָניע, וואו מיר האָבען זי פריהער ניט געזעהן, מאַכט דאָס באַלד אויף אונז אַן עכטע פּאָעטישע ווירקונג; אָבער אָט די ווירקונג דאַרף צוגעשריבען ווערען נאָר צו דער האַרמאָניע, און ניט אויף דאָס מינדסטע צו דעם אמת, וואָס האָט נאָר געדינט אַרויסצוברענגען די האַרמאָניע.

מיר וועלען אָבער אויף א דירעקטערען וועג דערגרייכען א קלאָ־

זיך נאָר בארופען אויף איינינע פון די איינפאכע עלעמענטען, וואָס רופען אַרויס אַן אמת'ען פּאָעטישען עפעקט אין דעם פּאָעט גופא. ער דערקענט די אַמבראָזיאַ, וואָס נעהרט זיין נשמה, אין די העלע שטערען, וואָס שיינען אין הימעל, אין די צירקלען פון דער בלום, אין דער גרופּע נידריגע בושען, אין דעם וועהען פון די תבואה פעלדער, אין דער אראָפּנייגונג פון הויכע מזרח בוימער, אין דער בלויער ווייט פון בערג, אין דער גרופּירונג פון וואָלקענס, אין דעם ווינקען פון האלב פאַרבאָרגענע שטראָמען, אין דעם פינקלען פון זילבער טייכען, אין דער רוה פון אָפּגעזונדערטע לאַנדזעען, אין די טיפען פון איינזאמע קוואַלען, וואו די שטערען שפּיגלען זיך אָפּ. ער דערקענט דאָס אין דעם געזאַנג פון די פויגלען, אין דער האַרף פון עאָלוס, אין דעם זיפצען פון דעם נאַכטיגען ווינט, אין דער מורמלענדער שטים פון דעם וואלד, אין דעם באַקלאָגען זיך פון די וועלען פאר דעם ברעג, אין דעם פרי־שען אטעם פון די וועלדער, אין דעם דופט פון דער וויאָלעט, אין דעם וואויל־לוסטיגען פּערפיום פון דעם היאַצינט, אין דעם אַנרעגענדען ריח, וואָס קומט צו איהם אין אָוועגט פון זעהר ווייטע ניט ענטדעקטע אינזלען, איבער טונקעלע אָקעאַנען, אָהן גרעניץ און אונערפאָרשט. ער דערקענט דאָס אין אַלע נאָבעלע געדאַנקען, אין אלע ניט וועלט־ליכע אַבזיכטען, אין אלע הייליגע אימפּולסען, אין אלע ריטערשע, גרויסמוטיגע, זיך אויפאָפּפערענדע טאַטען. ער פיהלט דאָס אין דער שעהנקייט פון דער פרוי, אין דער גראַציעזקייט פון איהר טראָט, אין דעם גלאַנץ פון איהר אויג, אין דער מעלאָדיע פון איהר שטים, אין איהר ווייכען געלעכטער, אין איהר זיפץ, אין דעם האַרמאָנישען רויש פון איהרע קליידער. ער פיהלט דאָס טיף אין איהרע באַצויבערענדע צערטליכקייטען, אין איהר פייערדיגען ענטוזיאַזם, אין איהר מילד־קייט און בארמהערציגקייט, אין איהר באַשיידענהייט, איבערגעבענ־קייט און געדולד, אָבער פריהער פון אַלץ, און וואָס איז דאָס וויכ־טיגסטע, קניהט ער פאר דעם און פאַרגעטערט דאָס אין דער טריי־הייט, אין דער ריינקייט, אין דער קראַפט, אין דער גאַנצער געטליכער מאַיעסטעט פון איהר ל י ע ב ע.

ערלויבט מיר צו שליסען מיט ציטירען נאָך איין קורצע פּאָעמא,

וואָס איז אינגאַנצען פערשידען פון די· וואָס איך האָב ביז איצט גע־
בראַכט. די פּאָעמאַ איז מאַטהערוועל'ס און רופט זיך “The Song
of the Cavalier” מיט אונזערע מאָדערנע און דורכאויס ראַ־
ציאָנאַלע אידעען וועגען דער אונזיניגקייט און גאָטלאָזיגקייט פון
קריג, זיינען מיר ניט גאָר אַם בעסטען צוגעפּאַסט מיטצופיהלען מיט
די סענטימענטען און אויף אזא אופן אָפּצושאַצען די אמת'ע פּאָלקאַ־
מענהייט פון דער פּאָעמאַ. אום דאָס פּאָלשטענדיג צו דערגרייכען,
מוזען מיר אין געדאנק זיך אידענטיפיצירען מיט דער נשמה פון דעם
אַלטען קריגער:

A steed! a steed! of matchless speede!
   A sword of metal keene!
Al else to noble heartes is drosse—
   Al else on earth is meane.
The neighynge of the war-horse prowde,
   The rowleing of the drum,
The clangour of the trumpet lowde—
   Be soundes from heaven that come.
And oh! the thundering presse of knightes,
   When as their war-cryes welle,
May tole from heaven an angel bright,
   And rowse a fiend from hell.

Then mounte! then mounte, brave gallants all,
   And don your helmes amaine;
Deathe's couriers, Fame and Honour, call
   Us to the field againe.
No shrewish teares shall fill your eye
   When the sword-hilt's in our hand,—
Heart-whole we'll part, and no whit sighe
   For the fayrest of the land;
Let piping swaine and craven wight,
   Thus weepe and puling crye,
Our business is like men to fight,
   And hero-like to die!

## די פילאָסאָפיע פון קאָמפּאָזיציאָן.

אין א נאָטיץ, וואָס ליגט איצט פאר מיר, בארופט זיך טשארלז דיקענס אויף אן אנאליז, וואָס איך האָב אמאָל געמאכט פון דער סטרוקטור פון „בארנעבי רודזש", און זאָגט: „ווייסט איהר אגב, אז גאָדווין האָט געשריבען זיין „קאלעב וויליאמס" אויף צוריק? ער האָט אָנגעהויבען מיט דעם, וואָס ער האָט פארפּלאָנטערט זיינע העלדען אין א נעץ פון שוועריקייטען, וואָס גיבען דעם שטאָף פאר'ן צווייטען באנד, און דאן האָט ער פאר דעם ערשטען באנד אָנגעהויבען צו באשאפען די מעגליכקייטען און אורזאכען פון די שפּעטערע געשעהנישען"...

איך קען ניט גלויבען, אז דאָס איז געווען גענוי דער פּלאן, נאָך וועלכען גאָדווין האָט געארבייט, — און זיינע אייגענע ערקלערונגען שטימען ניט איינגאנצען מיט דער אַנזיכט פון טשארלז דיקענס, —אָבער דער אויטאָר פון „קאלעב וויליאמס" איז געווען א צו פיינער קינסטלער, אז ער זאָל ניט איינזעהן די נוצען פון ווענינגסטענס אן עהנליכען פּראָצעס. קיין זאך איז ניט קלאָרער, ווי אז יעדער פּלאן, וואָס איז נאָר ווערט דעם נאָמען, מוז אויסגעארבייט ווערען ביז צו די דינסטע איינצעלהייטען, איידער מען נעמט די פעדער אין האנט. נאָר ווען מיר האָבען די קלענסטע איינצעלהייטען שטענדיג אין זינען, קענען מיר געבען דעם גאנצען פּלאן די נויטיגע לאָגישקייט, עס זאָלען קלאָר זיין די אורזאכען און פאָלגען, ארויסווייזענדיג אין אלע אינצידענטען און באזונדערס אין דעם אלגעמיינעם טאָן די ענטוויקלונג פון דעם קינסטלער'ס אַבזיכט.

מיר דוכט, אז א ראדיקאלער טעות ווערט באגאנגען אין דעם אופן, ווי אן ערציילונג ווערט געוועהנליך אויפגעבויט. אמאָל גיט די וועלט געשיכטע דעם שטאָף; אמאָל פיהלט זיך דער אויטאָר אָנגערעגט דורך א געשעהניש פון טאָג, אָדער אין בעסטען פאל שטעלט

ער אליין צוזאַמען איבערראַשענדע געשעהענישען, וואָס זאָלען נאָר דינען פאר א באַזיס פון זיינע ערציילונגען, און אלע ריסען און שפּאַלטען אין איהר, אַלץ וואָס וועט נאָר פעהלען אין איהר פון פאַקטען אָדער האַנדלונג, וועט ער אָנפילען מיט באַשרייבונגען, דיאַלאָגען אָדער זיינע אייגענע קאָמענטאַרען.

איך הויב אַלעמאַל אָן מיט דער באַטראַכטונג פון דער מעגליכער *ווירקונג*. האָבענדיג *שטענדיג* אין זינען די אָריגינאַליטעט, — ווייל דער איז פאַלש צו זיך, וואָס וויל דורכלאָזען אַזאַ אויגענשיינליכען און אַזאַ לייכט דערגרייכבאַרען קוואַל פון אינטערעס, — פרעג איך מיך צוערשט: „פון די אונצעהליגע עפעקטען אָדער איינדרוקען, וואָס דאָס האַרץ, דער אינטעלעקט, אָדער (מעהר אַלגעמיין) די נשמה קען פאַרנעמען, וועלכע זאָל איך איצט נעמען? האָבענדיג אויסגעקליבען אַ נייעם און א לעבעדיגען עפעקט, פרעג איך מיך ווייטער, ווי אַזוי ער קען אַם בעסטען ארויסגעבראַכט ווערען דורך די געשעהענישען און דעם טאָן פון דער ערציילונג, — צי דורך געוועהנליכע געשעהענישען און א באַזונדערען טאָן, אָדער אומגעקערט, אָדער אונגעוועהנליכע געשעהענישען און טאָן צוזאַמען; און דאַן קוק איך ארום מיר, אָדער נאָכמעהר אין מיך אליין, און זוך אַזאַ קאָמבינאַציאָן פון געשעהענישען און טאָן, וואָס זאָל מיר אַם בעסטען העלפען ארויסברענגען די געווינשטע ווירקונג.

איך האָב מיר אָפט פאָרגעשטעלט, וואָס פאר אַן אינטערעסאַנטען ארטיקעל אַן אויטאָר וואָלט געקענט אָנשרייבען, ווען ער וואָלט געוואָלט, אָדער געקענט, אונז באַקענען, שריט נאָך שריט, מיט דעם אופן, ווי איינס פון זיינע ווערק איז אויסגעארבייט געוואָרען, ביז עס איז געוואָרען פאַרענדיגט. איך קען מיר גאָר ניט ערקלערען, פארוואָס אַזאַ ארטיקעל איז נאָך קיינמאָל ניט אָנגעשריבען געוואָרען; אפשר איז דאָ די אייטעלקייט פון די אויטאָרען מעהר שולדיג, ווי וועלכער עס איז אנדער גרונד. פאַר די מעהרסטע אויטאָרען, באַזונדערס דיכטער, איז אַ סך אָנגענעמער, ווען מען מיינט וועגען זיי, אַז זיי ארבייטען אין א מין שעהנעם וואַהנזין, אַן עקסטאַטישער אינטואיציאָן, און זיי שוידערען ביי דעם געדאַנק, אַז דער עולם זאָל קע־

נען א קוק טאָן הינטער דער סצענע פון זייער שאפען און זעהן דאָס מיהזאַמע אויספיילען פון דעם וואָלקענדיגען, אונרייפען געדאַנק: ווי די אמת'ע ציעלען ווערען אויפגעכאַפּט נאָר אין דעם לעצטען אויגענבליק; די אונצעהליגע אידעען, וואָס בליצען אויף און קומען קיינמאָל ניט ארויס אין פולען ליכט; די פיעלע רייפע געדאַנקען, וואָס מוזען פאַרוואָרפען ווערען אין פאַרצווייפלונג ווי אונפאַר־ווענדבאַרע; דאָס פאַרזיכטיגע אויסקלייבען און אויסשליסען, אויסמעקען און צושטעלען, — קורץ, די אַלע רעדער און רימענס, לייטערס, פּאַלטרעפּ און אַלע אַנדערע זאַכען פון די קוליסען, וואָס דער אויטאָר מוז האָבען ביי זיין ארבייט.

איך וויים אויך, פון דער אַנדער זייט, אַז דורכאויס ניט אָפט איז אַן אויטאָר אימשטאַנד צו באַצייכענען דעם וועג, אויף וועלכען ער איז געקומען צו זיינע שלוסען. בכלל ווערען אידעען, וואָס קו־מען צופעליג, פונקט אזוי צופעליג פאַרגעסען.

איך פערזענליך טייל ניט די אָפּנייגונג פון די אויטאָרען, וועגען וועלכע איך האָב דאָ גערעדט; אויך איז פאַר מיר אויך דאָס מינדסטע ניט שווער צו דערמאַנען זיך דעם גאַנצען ענטוויק־לונגס גאַנג פון אַלע מיינע קאָמפּאָזיציאָנען. און ווייל דער אינ־טערעס פון אַן אַנאַליז, אָדער רעקאָנסטרוקציאָן, אזא ווי איך האָב באַטראַכט פאַר א דעזידעראַטום, איז אינגאַנצען אונאבהענגיג פון א ווירקליכען אָדער ניט ווירקליכען אינטערעס פאַר דעם אַנאַליזיר־טען געגענשטאַנד, וועט מען מיר דאָס ניט פאַרוואַרפען ווי א ברוך פון אַנשטענדיגקייט, ווען איך וועל דאָ ווייזען, ווי אזוי איך האָב פאַרפאַסט איינס פון מיינע אייגענע ווערק. איך נעם „דעם ראַב", ווי דאָס באַקאַנטסטע פון מיינע ווערק. עס איז מיין אַבזיכט צו ווייזען דאָ, אַז קיין פונקט אין דעם געדיכט קען ניט צוגעשריבען ווערען צו א צופאַל אָדער אַן אינטואיציאָן, אַז די אַרבייט איז טריט נאָך טריט צוגעגאַנגען מיט דער גענויקייט און שטרענגער אויס־געהאַלטענקייט פון א מאַטעמאַטישען פּראָבלעם.

ווייל דאָס האָט ניט צו טאָן מיט דעם געדיכט דירעקט, ווע־לען מיר פריהער פון אַלץ אינגאַנצען אויסלאָזען פון באַטראַכטונג

דעם אומשטאַנד, — אָדער, אויב איהר ווילט, די נויטוועגדיג־
קייט, — וואָס האט מיר געגעבען דעם געדאַנק צו שרייבען א פּאָ־
עמא, וואָס זאָל צופרידענשטעלען סאַי דעם אַלגעמיינעם, סאַי דעם
קריטישען געשמאַק.

מיר וועלען דעריבער אַנהויבען מיט מיין אַבזיכט.

די ערשטע פראַגע איז געווען, ווי גרויס אַזא פּאָעמא זאָל זיין.
ווען א ליטעראַריש ווערק איז צו לאַנג, אַז מען זאָל עס קענען אינ־
גאַנצען איבערלעזען אויף איין מאָל, מוזען מיר זיין צופרידען אָפּ־
צוזאָגען זיך פון דעם אונגעהויער וויכטיגען עפעקט, וואָס באַקומט
זיך פון אַן איינהייטליכען, אונצוטיילטען איינדרוק. ווייל ווען
מען מוז דאָס ווערק איבערלעזען אין צוויי מאָל, קומען אינמיטען
אַריין די געשעפטען פון טאָג, און מיר קענען בכלל ניט פאַרנעמען
דאָס ווערק ווי איין גאַנצעס. אָבער אַזוי ווי קיין פּאָעט וועט זיך
ניט ערלויבען דורכצולאָזען וואָס ניט איז, וואָס קען איהם נאָר
העלפען אין זיין פּלאַן, בלייבט אונז נאָר איבער צו זעהן, צי ער
קען דורך די גרעסערע לענג פון א געדיכט בכלל געווינען עפּעס,
וואָס זאָל באַלוינען פאַר דעם פאַרלוסט פון איינהייט, וואָס קומט
מיט דער גרעסערער לענג. איך זאָג, אַז ער קען גאָרניט געווינען.
וואָס מיר רופען אַן א לאַנג געדיכט איז אין דער אמת'ען נאָר א
רייה פון קורצע געדיכטען, דאָס הייסט, קורצע פּאָעטישע וויר־
קונגען. עס איז דאָ אוננויטיג אויסצופיהרען, אַז א געדיכט איז א
געדיכט נאָר אויף וויפיעל עס רעגט אונז אינטענסיוו, דערהויבענדיג
די נשמה; און אַלע אינטענסיווע רעגונגען זיינען קורץ, צוליעב א
פּסיכישער נויטוועגדיגקייט. אָט פאַרוואָס וועניגסטענס א העלפט
פון "דעם פאַרלאָרענעם גן עדן" איז אייגענטליך פּראָזא, — א רייה
פון פּאָעטישע רעגונגען, נאָך וועלכע קומען א ו נ פ א ר מ י י ד־
ל י ך איינדרוקלאָזע ערטער; דאָס גאַנצע געדיכט פאַרלירט צו־
ליעב דער אויסערגעוועהנליכער לענג דעם אונגעהויער וויכטיגען
קינסטלערישען עלעמענט: די גאַנצקייט אָדער איינהייטליכקייט פון
ווירקונג.

עס איז דעריבער קלאָר, אַז וואָס אַנבאַטרעפט די לענג, איז

פאראַן אַ באַשטימטער גרעניץ פאַר אַלע ליטעראַרישע ווערק, — דער גרעניץ פון איין זיצונג, — און אַז כאָטש אין געוויסע קלאַסען פון פּראָזאאישע קאָמפּאָזיציאָנען, ווי „ראָבינזאָן קרוזאָ“ (וואָס פאָ־דערען ניט קיין איינהייט), קען גאָר די איבערטרעטונג פון אָט דעם גרעניץ ברענגען נוצען, קען מען אָבער דעם גרעניץ ניט איבער־טרעטען אין אַ פּאָעמאַ. אינערהאַלב אָט דעם גרעניץ מוז די לענג פון אַ געדיכט שטעהן אין אַ גענויער מאַטעמאַטישער פאַרהעלט־ניס צו זיין ווערט, דאָס הייסט, צו דעם גראַד פון אָנרעגונג אָדער דערהויבונג, וואָס עס רופט ארויס, אָדער אין אַנדערע ווערטער, צו דעם גראַד פון אמת'ער פּאָעטישער ווירקונג, וואָס עס איז אימשטאַנד ארויסצוברענגען. ווייל עס איז דאָך קלאָר, אַז די קורצקייט שטעהט אין דירעקטער באַציהונג צו דער אינטענסיוויטעט פון דעם באַ־אַבזיכטיגטען עפעקט: מיט דעם איין באַדינג, אַז אַ געוויסער גראַד פון דויער איז אבסאָלוט נויטיג, ארויסצוברענגען אַ וועלכע עס איז ווירקונג.

האָבענדיג דאָס אַלץ אין זינען, און אויך די אַרט פון אָנרע־גונג, וואָס זאָל ניט זיין העכער פון דעם אַלגעמיינעם און נידריגער פון דעם קריטישען געשמאַק, האָב איך גלייך געפונען די פּאַסיגע ל ע נ ג פאַר מיין געפּלאַנטען געדיכט, אַ לענג פון ארום הונדערט שורות. אין דער ווירקליכקייט זיינען געוואָרען הונדערט און אַכט שורות.

מיין צווייטער געדאַנק איז געווען אויסצוקלייבען אַן איינדרוק, אָדער עפעקט, וואָס דאָס געדיכט זאָל מאַכען; און דאָ מוז איך ער־קלערען, אַז איך האָב אין פאַרלויף פון דער גאַנצער ארבייט שטענ־דיג געהאַט אין זינען צו מאַכען מיין ווערק אַלגעמיין פאַרשטענדליך.

איך וואָלט זיך צופיעל דערווייטערט פון מיין טעמאַ, ווען איך וואָלט דאָ גענומען דעמאָנסטרירען די אַנזיכט, וואָס איך האָב שוין פיעלמאָל ארויסגעזאָגט און וואָס נויטיגט זיך ניט אין קיין ערקלע־רונג פאַר די, וואָס שטעהען נאָהנט צו פּאָעזיע, — די אַנזיכט, אַז דאָס שעהנע איז דאָס איינציגע לעגיטימע פעלד פאַר אַ פּאָעמאַ. עטליכע ווערטער אָבער זיינען נויטיג צו ערקלערען מיין ריכטיגע

אנזיכט, וואָס איינינע פריינד מיינע האָבען אַרויסגעוויזען א נייר־
גונג ניט ריכטיג אָנצוגעבען. איך גלויב, אז דאָס אינטענסיווסטע,
ערהאבענסטע און ריינסטע פאַרגניגען איז אזא, וואָס ווערט אונז
געגעבען, ווען מיר באַטראַכטען די שעהנהייט. ווען מענשען ריידען
וועגען שעהנהייט, מיינען זיי, גענוי גערעדט, ניט אַן אייגענשאַפט,
ווי מען מיינט, נאָר א ווירקונג; קורץ, זיי באַרופען זיך אויף
יענע אינטענסיווע און ריינע דערהויבונג פון דער נ ש מ ה, —
נ י ט פון דעם אינטעלעקט, אָדער פון דעם האַרצען, — וואָס איך
האָב שוין באַשריבען און וואָס קומט נאָך באַטראַכטען „דאָס שעהנע“.
איך באַצייכען די שעהנהייט ווי דאָס איינציגע פעלד פאר פּאָעזיע
ווייל דאָס איז אַן אויגענשיינליכער רעגעל פון קונסט, אז די וויר־
קונגען זאָלען קומען פון דירעקטע אורזאַכען, אז זאַכען זאָלען דער־
גרייכט ווערען דורך מיטלען, וואָס זיינען אַם בעסטען צוגעפּאַסט
פאַר זייער דערגרייכונג; און קיינער איז נאָך ניט געווען שוואַכ־
זיניג גענוג צו לייקענען, אז די באַזונדערע אָנרעגונג, וועגען וועל־
כער מיר רעדען דאָ, קען אַ ם ל י י כ ט ס ט ע ן דערגרייכט
ווערען אין אַ חאָעמאָ. אַבער אַ מ ת, אָדער אַ באַפרידיגונג פון
פאַרשטאַנד, און ל י י ד ע נ ש אַ פ ט, אָדער די רעגונג פון האַרצען,
כאָטש זיי קענען דערגרייכט ווערען אויך דורך פּאָעזיע, קען מען
אָבער א סך לייכטער באַקומען דורך פּראָזאַ. דער אמת פאָדערט אַ
גענויקייט און די ליידענשאַפט — אַ פאַרטרויליכקייט (די אמת
ליידענשאַפטליכע מענשען וועלען מיך דאָ פאַרשטעהן), און דאָס
אַלץ איז דורכאויס אנטאַגאָניסטיש צו יענער שעהנהייט, וואָס איז,
איז מיין מיינונג, די אָנרעגונג און אנגענעמע דערהויבונג פון דער
נשמה. פון דעם, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרען, דאַרף מען נאָך
ניט שליסען, אַז די ליידענשאַפט, אָדער אפילו דער אמת אליין,
קענען ניט אַריינגעפיהרט ווערען, און מיט א געוויסען נוץ, אויך אין
אַ פּאָעמאַ; זיי קענען דינען קלאָרער צו מאַכען אָדער פאַרשטאַר־
קען די אַלגעמיינע ווירקונג, פּונקט ווי די דיסאָנאַנסען אין מוזיק,
דורך קאָנטראַסט. דאָך וועט דער אמת'ער קינסטלער אַלעמאָל זיך
געבען די מיה, ערשטענס, צו אונטערוואַרפען זיי אויף אַ פּאַסיגען

אופן צו זיין הויפט ציעל, און צווייטענס, צו פארשלייערען זיי אויף ווי ווייט מעגליך אין יענע שעהנהייט, וואס איז די אטמאספער און דער עצם פון א פאעמא.

אננעמענדיג די שעהנהייט פאר מיין געביעט, האב איך מיך ווייטער געפרעגט, אין וועלכען ט א ן זי קען געפינען איהר העכסטען אויסדרוק. יעדע ערפאהרונג האט אונז געלערענט, אז דער טאן מוז זיין פון ט ר ו י ע ר. שעהנהייט, פון וועלכער ארט זי זאל ניט זיין, וועט אין איהר העכסטער ענטוויקלונג מוזען רעגען די סענסיטיווע נשמה צו טרערען. מעלאנכאליע איז דעריבער דער לעגיטימסטער טאן פאר פאעזיע.

נאכדעם ווי איך בין געקומען צו א שלום וועגען דער לענג, דעם געביעט און דעם טאן, האב איך דורך געוועהנליכע אינדוקציאן גע־נומען זוכען עפעס א קינסטלערישען רייץ, וואס זאל מיר קענען דינען פאר א גרונד טאן אין אויפבויען דאס געדיכט, א מיטעלפונקט, ארום וועלכען די גאנצע זאך זאל זיך דרעהען. נאכדעם ווי איך האב פארזיכטיג באטראכט אלע געוועהנליכע קונסט עפעקטען, אדער בע־סער, די מיטלען צום עפעקט, האב איך באלד געמוזט איינזעהן, אז קיין זאך ווערט ניט אזוי אפט און אלגעמיין אנגעווענדט, ווי דער ר ע פ ר ע ן. דאס, וואס דער ר ע פ ר ע ן ווערט אזוי אלגעמיין אנגעווענדט, איז געווען גענוג צו איבערצייגען מיך אין זיין אויסערגעוויינליכען ווערט, און דאס האט מיך באפרייט פון דער נויטווענדיגקייט איהם צו אנאליזירען. איך האב אבער נאכ־געפארשט, צי ער קען ניט אויסגעבעסערט ווערען, און האב באלד געפונען, אז ער געפינט זיך אין א פרימיטיווען צושטאנד. ווי ער איז ביז איצט אנגעווענדט געווארען, איז ער ניט נאר געווען אויס־שליסליך אין לירישער פאעזיע, נאר די קראפט פון זיין איינדרוק איז געווען אבהענגיג פון דער קראפט פון מאנאטאנקייט סאי פון זיין טאן און סאי פון זיין געדאנק. דאס פארגניגען קומט אויס־שליסליך פון דעם, וואס מען פיהלט די אידענטיטעט, די ווידערהא־לונג. איך האב באשלאסען צו וואריאירען און אויף אזא אופן דער־הויבען די ווירקונג, בלייבענדיג טריי צו דער מאנאטאנקייט פון

קלאַנג און אין דערזעלביגער צייט ענדערענדיג שטענדיג דעם געדאַנק; דאָס הייסט, איך האָב באַשלאָסען צו פּראָדוצירען שטענדיג נייע עפעקטען, וואַריאירענדיג די א נ ו ו ע נ ד ו נ ג פון דעם ר ע פ ר ע ן, וועלכער בלייבט אָבער אליין מעהרסטענטיילס ניט געענדערט.

ווען איך האָב אָט די אַלע פראַגען געלעזט, האָב איך גענומען נאָכדענקען וועגען דער נ אַ ט ו ר פון מיין ר ע פ ר ע ן. אַזוי ווי די אנוועגדונג פון דעם ר ע פ ר ע ן האָט געזאָלט אָפט וואַריאירט ווערען, איז געווען קלאָר, אַז דער ר ע פ ר ע ן אליין מוז זיין קורץ, ווייל עס וואָלט געווען פאַרבונדען מיט אונאיבערווינדליכע שוועריגקייטען צו געבען אָפטע וואַריאַציאָנען אין דער אנווענדונג פון אַ לאַנגען זאַץ. וואָס קורצער דער זאַץ וועט זיין, אַלץ לייכטער וועט זיין נאַטירליך אויך די וואַריאירונג אין זיין אנווענדונג. דאָס האָט מיך באַלד געפיהרט צו דעם געדאַנק צו נעמען איין איינציג וואָרט, ווי דעם בעסטען ר ע פ ר ע ן:

איצט האָב איך מיך געפרעגט, וואָס פאַר אַ כ אַ ר אַ ק ט ע ר אַזאַ וואָרט דאַרף האָבען. פון דעם, וואָס איך האָב באַשלאָסען צו נעמען דעם ר ע פ ר ע ן, איז שוין געווען זעלבסטפערשטענדליך, אַז דאָס געדיכט מוז איינגעטיילט ווערען אין סטראָפען, און דער ר ע פ ר ע ן זאָל שליסען יעדע סטראָף. אַז אַזאַ שלוס, צו האָבען קראַפט, מוז זיין וואוילקלינגענד און קענען אַרויסגערעדט ווערען ברייט און פּאַטעטיש, אין דעם האָט קיין צווייפעל ניט געקענט זיין. און אָט די באַטראַכטונגען האָבען מיך אונפאַרמיידליך געמוזט פיהרען צו דעם לאַנגען o, ווי דעם קלאַנגפולסטען וואָקאַל, אין פאַרבינדונג מיט דעם r, דעם קרעפטיגסטען קאָנסאָנאַנט.

האָבענדיג באַשלאָסען, וואָס פאַר אַ קלאַנג דער ר ע פ ר ע ן זאָל האָבען, האָב איך איצט געמוזט געפינען אַ וואָרט, וואָס זאָל האָבען אין זיך אָט דעם קלאַנג און זאָל אין דערזעלביגער צייט זיין אין דער מעגליכסט פולסטער האַרמאָניע מיט דער מעלאַנכאָליע, וואָס איך האָב פאָראויס באַשטימט פאַר דעם טאָן פון דעם געדיכט. זוכענדיג אַזאַ וואָרט, וואָלט געווען אַבסאָלוט אונמעגליך

פארבייצוגעהן דאס ווארט "nevermore", (מעהר קיינמאל ניט). דאס איז גראד געווען דאס ערשטע ווארט, וואס איז מיר איינגע־פאלען.

איצט האט מען געדארפט געפינען אן אורזאך פאר דער ווידער־האלטער אנוועגדונג פון דעם איין ווארט "nevermore", איך האב באלד באמערקט, אז די שווערקייט צו געפינען א געניגענדען גרונד פאר דער אפטער ווידערהאלונג, ליגט הויפטזעכליך אין דער פארשטע־לונג, אז דאס ווארט מוז אזוי מאנאטאן ארויסגערעדט און ווידער־האלט ווערען פון א מ ע נ ש ע ן ; קורץ, איך האב באלד געמוזט איינזעהן, אז די גאנצע שווערקייט ליגט אין דער פאראייניגונג פון אט דער מאנאטאנקייט מיט דעם געדאנק און פארנונפט פון דעם, וואס דארף דאס ווארט ווידערהאלען. דא איז מיר באלד געקומען דער געדאנק וועגען אן א ו נ פ א ר נ י נ פ ט י ג ע ר באשעפע־ניש, וואס איז דאך פעהיג צו רעדען ; און גאנץ נאטירליך האב איך צוערשט געקלערט וועגען א פאפוגאי, האב אבער באלד איהם פאר־ביטען אויף א ראב, וואס איז אויך פעהיג צו רעדען און וואס האר־מאניזירט א סך בעסער מיט דעם געווינשטען ט א ן.

איצט בין איך געקומען אזוי ווייט, ווי אריינצופיהרען א ראב, — דעם פויגעל פון בייזע פארבאדייטונגען, — וואס זאל ווידערהאלען מאנאטאן דאס איין ווארט "nevermore", צום סוף פון יעדער סטראף אין א געדיכט מיט א טאן פון טרויער און וואס איז ארום א הונדערט שורות לאנג. איצט, ניט פארגעסענדיג אויף אן אוי־גענבליק מיין ציעל, די פ א ל ק א מ ע נ ה י י ט, האב איך מיך ווייטער געפרעגט : „פון אלע טרויעריגע זאכען, וועלכע ווערט פון דעם א ל ג ע מ י י נ ע ם מענשליכען פארשטאנד אנערקענט פאר די טרויעריגסטע ?" — טויט, איז געווען דער אויגענשיינליכער ענטפער. „און ווען, — האב איך ווייטער געפרעגט, — איז אט די טרויעריגסטע פארשטעלונג אם פאעטישסטען ?" פון דעם, וואס איך האב דא אויספיהרליך ערקלערט, איז דא דער ענטפער אויך ניט שווער : „ווען זי פארבינדט זיך אם נאהענטסטען מיט ש ע ה נ ־ ה י י ט ; דער טויט פון א שעהנער פרוי איז אהן צווייפעל דער

פּאָעטישסטער געגענשטאַנד, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן, און פּונקט אזוי אונצווייפעלהאַפט איז, אז דער אליין געבליבענער ליע־בענדער איז אַם בעסטען צוגעפּאַסט צו רעדען וועגען דעם".

איצט האָב איך געדאַרפט קאָמבינירען די צוויי אידעען: א ליעבענדען, וואָס באַוויינט זיין געשטאָרבענע געליעבטע, און א ראָב, וואָס ווידערהאָלט אונאויפהערליך דאָס וואָרט "nevermore" און קאָמבינירענדיג די צוויי אידעען, האָב איך געדאַרפט האָבען אין זינען מיין אַבזיכט צו וואַריאירען יעדעס מאָל די אַנווענדונג פון דעם ווידערהאָלטען וואָרט; אָבער די איינציגע מעגליכע אַרט פון אזא קאָמבינאַציאָן איז פאָרצושטעלען, אז דער ראָב באַנוצט דאָס וואָרט, ענטפערענדיג אויף די פראַגען פון דעם ליעבענדען. און דאָ האָב איך באַלד דערזעהן די געלעגענהייט צו באַקומען די ווירקונג, אויף וועלכע איך האָב געלעגט אזוי פיעל געוויכט, דאָס הייסט, צו וואַריאירען די אַנווענדונג: איך האָב איינגעזעהן, אז די ערשטע פראַגע, וואָס דער ליעבענדער פרעגט, — די ערשטע פראַגע, אויף וועלכע דער ראָב זאָל ענטפערען מיט "nevermore", אז אָט די ערשטע פראַגע קען איך מאַכען א גאַנץ אַלטעגליכע, די צווייטע — וועניגער געוועהנליך, די דריטע — נאָך וועניגער, און אזוי ווייטער, ביז דער ליעבענדער ווערט ענדליך, דורך דעם טריבען זין פון דעם וואָרט, וואָס ווערט אזוי אָפט ווידערהאָלט, אַוועקגעריסען פון זיין פריהערדיגער גלייכגילטיגקייט. איהם קומט אויפ'ן זין די בייז־באַדייטענדע רעפּוטאַציאָן פון דעם פויגעל, וואָס רעדט דעם רעפרען אַרויס, ער ווערט ענדליך אויפגערעגט ביז צום אַבערגלויבען, און גאָר אַנדערע פראַגען נעמט ער שטעלען, פראַ־גען, נאָך דער לעזונג פון וועלכע זיין האַרץ בענקט מיט א ווילדער ליידענשאַפט; ער שטעלט זיי האַלב אין אַבערגלויבען און האַלב אין יענעם מין פאַרצווייפלונג, ווען דער מענש געפינט פאַרגעניגען אין מאַטערען זיך אליין. ער שטעלט די פראַגען, ניט ווייל ער גלויבט, אז דער פויגעל איז פראָפעטיש אָדער דעמאָניש (זיין פאָר־שטאַנד זאָגט איהם, אז דער פויגעל ווידערהאָלט נאָר דאָס, וואָס מען האָט מיט איהם איינגעלערענט), נאָר ווייל ער פיהלט א גרויזאַם,

קוועלענד פארגניגען אזוי זיי צו שטעלען, אז ער זאל באקומען דעם ערוואַרטען ענטפער "nevermore" וואָס איז פאַר איהם דאָס ליעבסטע און טייערסטע, ווייל דאָס איז זיין אונערטרעגליכסטער פיין.

נאָכדעם ווי איך האָב איינגעזעהן די געלעגענהייט צו וואַריאי־רען דעם רעפרען, אָדער ריכטיגער: נאָכדעם ווי דער גאַנצער אויפבוי פון מיין געדיכט האָט מיך צו דעם געפיהרט, האָב איך צוערשט נאָכ־געפּאָרשט דעם קלימאַקס, אָדער די שלוס פראַגע, די פראַגע, אויף וועלכע "nevermore" זאָל זיין דער לעצטער ענטפער, און אָט דער ענטפער, דאָס וואָרט "nevermore" זאָל האָבען אין זיך די העכסטע מאָס פון וועה און פאַרצווייפלונג.

דאָ, איינגענטליך, האָט מיין געדיכט געפונען זיין אָנהויב, — ביים סוף, וואו אלע קונסט ווערק דאַרפען זיך אָנהויבען, — ווייל נאָכדעם ווי איך בין מיט מיינע באַטראַכטונגען דערגאַנגען ביז צו אָט דעם פונקט, האָב איך צוערשט באַריהרט דאָס פּאַפּיר מיט מיין פעדער, אָנצושרייבען די פאָלגענדע סטראָף:

„נביא,—זאָג איך,—גייסט דו ווייזער, פויגעל אָדער דעמאָן בייזער!
איך באַשווער דיך ביי דעם הימעל, ביי דעם גאָט, וואָס איך פערעהר:
וועט מיין זעל, אין פיין פאַרלאָרען, זעהן נאָך צווישען שרפים כאָרען
אין גן עדן ווען לענאָראַ'ן? — זאָג דער זעל געפּייניגט שווער.
וועט זי ווען דאָרט זעהן לענאָראַ'ן?—זאָג דער זעל געפּייניגט שווער".
נאָר דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מעהר.

איך האָב דאָן אָנגעשריבען אָט די סטראָף, ערשטענס, אום צו האָבען פאַר זיך דעם הויך־פונקט און קענען אויף אַזאַ אופן בעסער וואַריאירען און אָפּשאַצען, אין ערנסטקייט און וויכטיגקייט, די פריהערדיגע פראַגען פון דעם ליעבענדען; און צווייטענס, אום צו קענען ענדגילטיג באַשטימען דעם ריטם, דעם מעטער, און די לענג און דעם אלגעמיינעם בוי פון די סטראָפען, וואָס דאַרפען קומען פריהער, אַז קיינע פון זיי זאָל ניט איבערטרעפען אָט די סטראָף אין

ריטמישער ווירקונג. וואָלט איך אין דער ווייטערער אַרבייט געקענט אָנשרייבן קרעפטיגערע סטראָפן, וואָלט איך גאָר ניט געקלערט און אָפּגעשוואַכט זיי, אַז זיי זאָלן ניט שטערן דעם עפעקט פון דעם קלימאַקס.

און איצט קען איך זאָגן עטליכע ווערטער וועגן דער ווער־סיפיקאַציאָן. מיין ערשטער ציל איז דאָ, ווי געוועהנליך, געווען אָריגינאַליטעט. דאָס, וואָס מען האָט די אָריגינאַליטעט אַזוי פיל פאַרנאַכלעסיגט אין ווערסיפיקאַציאָן, איז פאַר מיר איינע פון די אונערקלערבאַרסטע זאַכען אין דער וועלט. איך וועל צוגעבן, אַז וואַריאירען דעם ר י ט ם אַליין איז פאַראַן ווייניג מעגליכקייט, דאָך איז קלאָר, אַז די מעגליכע וואַריאַציאָנען פון מעטער און סטראָף זיינען אַבסאָלוט אונענדליך. א ו ן פ ו נ ד ע ס ט ו ו ע ג ע ן ה א ָ ט א י ן פ א ַ ר ל ו י ף פ ו ן י א ָ ה ר ה ו נ ד ע ר ט ע ר ק י י ן מ ע נ ש ק י י נ מ א ָ ל נ י ט ג ע ש א ַ פ ע ן, א ו ן, ו ו י י ז ט א ו י ס, נ י ט ג ע ק ל ע ר ט א פ י ל ו צ ו ש א ַ פ ע ן ע פ ע ס א ַ ז ו י נ ס, ו ו א ָ ס ז א ָ ל ז י י ן א ָ ר י ג י נ ע ל. דער אמת איז, אַז אָריגינאַליטעט (סאַידען אין גייסטער פון גאָר אונגעוועהנליכער קראַפט) איז דורכאויס ניט קיין פּראָדוקט פון אימפּולס אָדער אינטואיציאָן, ווי אייניגע מיינען; בכלל מוז מען זי פלייסיג זוכען, און כאָטש זי דאַרף פאַררעכענט ווערען פאַר דעם העכסטען פאַרדינסט פון אַ מענשען, פאָדערט זיך, אום זי צו דערגרייכען, ווייניגער ערפינדונגס קראַפט, ווי פּעהיג־קייט צו נעגירען.

זעלבסטפאַרשטענדליך פּרעטענדיר איך ניט אויף אָריגינאַלי־טעט אין דעם ריטם אָדער דעם מעטער פון דעם „ראַב". דער ריטם איז טראָכעאיש; דער מעטער איז אָקטאַלעקטישער אָקטאַמעטער, וואָס ווערט געביטען אויף קאַטאַלעקטישען העפּטאַמעטער אין דעם רעפרען פון דער פינפטער שורה און ענדיגט זיך מיט קאַטאַלעקטי־שען טעטראַמעטער. וועניגער פּעדאַנטיש: די פערז־פוסען זיינען אַלע טראָכעען, באַשטעהען פון אַ לאַנגער און אַ קורצער זילב. די ערשטע שורה פון דער סטראָף באַשטעהט פון אַכט אַזעלכע פוסען, די צוויי־

טע — פון זיבען און א האַלב, די דריטע — פון אַכט, די פערטע — פון זיבען און א האַלב, די פינפטע — דאָסזעלבע, די זעקסטע — פון דריי און אַ האַלב. יעדע פון אַט די שורות באַזונדער איז שוין אנגעווענדט געוואָרען פריהער, און די אָריגינאַליטעט, וואָס „דער ראַב" האָט, באַשטעהט אין דעם, ווי איך האָב די שורות ק אָ מ ב י נ י ר ט א י ן אַ ס ט ר אָ ף; און קיין זאַך, וואָס זאָל אפילו זיין וויפיעל ניט איז עהנליך צו אָט דער קאָמבינאַציאָן, איז קיינמאָל ניט פאַרזוכט געוואָרען. די ווירקונג פון אָט דער אָריגינאַליטעט פון קאָמבינירען ווערט נאָך פאַרשטאַרקט דורך אַנדערע אונגעוועהנליכע, אייניגע גאָר נייע, עפעקטען, וואָס זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון א ברייטערער אנווענדונג פון ריים און אַליטעראַציאָן.

דער נעקסטער פונקט צו באַטראַכטען איז געווען די אַרט, ווי צוזאַמענצוברייגנען דעם ליעבענדען און דעם ראַב, און די ערשטע פראַגע איז געווען: ו ו א ו? דער נאַטירליכסטער אָרט האָט געשיינט צו זיין א וואַלד אָדער אַ פעלד, מיר האָט אָבער אַלעמאָל אויסגעוויזען, אז א ז ע נ ג ע ר א ו ן ב ע ג ר ע נ צ ט ע ר ר ו י ם איז אַבסאָלוט נויטיג פאַר דעם עפעקט פון אַן איינצעלנעם אינצידענט: דאָס האָט די קראַפט פון א ראַהם צו א בילד. דאָס האָט די אונבאַשטרייטבאַרע מאָראַלע קראַפט צו האַלטען די אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט און דאַרף, נאַטירליך, ניט צוזאַמענגעמישט ווערען מיט איינהייט פון אָרט.

איך האָב דעריבער באַשלאָסען צו נעמען דעם ליעבענדען אין זיין צימער, דעם צימער, וואָס איז געוואָרען פאַר איהם הייליג דורך די עראינערונגען אָן דער, וואָס איז דאָרט אָפט געווען. דער צימער, ווערט פאָרגעשטעלט, איז רייך אויסגעשטאַט, און דאָס איז נאָר אין איינקלאַנג מיט די אידעען, וואָס איך האָב שוין פריהער אַרויסגעבראַכט, רעדענדיג וועגען דער שעהנהייט, ווי וועגען דעם איינציגען אמת'ען פּאָעטישען טעזיס.

נאַכדעם ווי איך האָב פעסטגעשטעלט דעם אָ ר ט, האָב איך געדאַרפט אריינפירען דעם פויגעל, און דער געדאַנק אריינצופירען איהם דורך דאָס פענסטער איז געווען אונפאַרמיידליך. דער גע־

דאַנק צו לאָזען דעם ליעבענדען גלויבען צוערשט, אז דעם פויגעל'ס שלאָגען מיט די פליגלען אנטקעגען דעם לאַדען פון פענסטער איז א קלאַפּען אין טיר, איז געקומען פון מיין וואונש שטארקער צו מאַכען, דורך ווארטען, דעם לעזער'ס נייגעריגקייט, און פון דעם פאַרלאַנג אריינצוברייגגען די נעבענווירקונג, אז דער ליעבענדער, עפענענדיג די טיר און דערזעהענדיג גאָרניט אויסער פינסטערניש, נעמט אָן די פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונג, אז דאָס האָט דער גייסט פון זיין געליעבטער געקלאַפּט אין טיר.

איך האָב אָנגענומען א שטורמיגע נאַכט, ערשטענס, צו ערקלערען, פאַרוואָס דער ראָב וויל אריינקומען, און צווייטענס, צוליעב דעם קאָנטראַסט מיט דער אויסערליכער רוה און שטילקייט פון דעם צימער.

איך צוליעב דעם עפעקט פון קאָנטראַסט, — א קאָנטראַסט צווישען מאַרמאָר און פעדערען, — האָב איך געלאָזען דעם פויגעל זיך זעצען אויף דעם ביוסט פון פּאַלאַס; עס דאַרף דערביי פאַרשטאַנען ווערען, אז פון דעם פויגעל איז געקומען די ס ו ג ע ס ט י אָ ן וועגען דעם ביוסט. דעם ביוסט פון פּאַלאַס האָב איך אויסגעקליבען, ערשטענס, ווייל דאָס האָט מעהר הארמאָנירט מיט דער געלעהרזאמקייט פון דעם ליעבענדען, און צווייטענס, צוליעב דעם וואוילקלאַנג פון דעם וואָרט „פּאַלאַס" גופא.

און אויך אינמיטען פון דעם געדיכט האָב איך זיך באַנוצט מיט דער קראַפט פון קאָנטראַסט, מיט דער אבזיכט צו פאַרטיפען דעם שפּעטערען איינדרוק. צום ביישפּיעל, עפּעס פאַנטאַסטישעס, וואָס דערנעהנטערט זיך אזוי ווייט ווי דאָס איז נאָר ערלויבבאַר צום קאָמישען, ווערט געגעבען דעם אריינטריט פון דעם ראָב. ער קומט אריין א שטאַלצער און א שטרענגער:

ניט געקלערט נאָר זיך צו נייגען, אין א גרוס דעם קאָפּ צו בויגען,
און איז גלייך אַרויפגעפלויגען אויף דעם פּאַלאַס ביוס אין קווער,
אויף א פּאַלאַס ביוסט אין ווינקעל איבער'ן טיר געזיצס אין קווער,
דאָרט אַרויף און גאָרניט מעהר.

אין די צווייט ווייטערע סטראָפען ווערט מיין אבזיכט נאָך קלאָ־
רער דורכגעפירט:

אנגעקוקט מיין גאַסט דאָרט אויבען, האָב איך שמייכלען אנגעהויבען,
ערנסט און שטרענג אַזוי זיין אויסזעהן איז געווען, זיין יעדער קעהר.
„כאָטש, — זאָג איך, — ביזט גלאַטגעשאָרען, האָסטו זיך דאָ ניט
פאַרלאָרען,
ראָב פון לאַנג פאַרגעסענע יאָהרען, שוואַרצער ראָב פון נאַכטיגען
מער.
זאָג, וואָס איז דיין שטאָלצער נאָמען אין דעם נאַכטיגען פּלוטאָ׳ס
מער!
און דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מעהר.

כ׳האָב געוואונדערט זיך אונענדליך, ווי דער ראָב רעדט קלאָר,
פאַרשטענדליך,
כאָטש זיין ענטפער איז געווען פאַר מיר אַ קלאַנג נאָר זינלאָז, לער.
האָט דען גאָט געקענט בעשערען ווען מען נאָך אין לעבען שווערען,
איהם זאָל מיט באַזוך באַעהרען אין זיין הויז אַ ראָב ווי דער,
זאָל איבער זיין טיר זיך זעצען אַזאַ שוואַרצער ראָב ווי דער
מיט דעם נאָמען „קיינמאָל מעהר“?

נאָכדעם ווי איך האָב אויף אַזאַ אופן צוגעגרייט די ווירקונג
פון דער ענטוויקלונג, וואַרף איך באַלד אַוועק דאָס פאַנטאַסטישע
און נעם אנשטאָט דעם דעם טאָן פון טיפסטען ערנסט. די ענדערונג
קומט גלייך מיט דער ערשטער שורה פון דער סטראָף, וואָס געהט
נאָך די אויבען ציטירטע:

דאָך דער ראָב זיצט אויף איין אָרט נאָר אויף דעם ביוסט און רעדט
איין וואָרט נאָר, א. אז. וו.

פון איצט אָן שפּאַסט שוין דער ליעבענדער ניט מעהר. ער

זעהט מעהר ניט קיין זאַך, אַפּילו, וואָס זאָל זיין פאַנטאַסטיש אין דעם ראַב'ס באַנעמונג. ער רעדט וועגען איהם, ווי וועגען דעם „טרויעריגען, אונפריינדליכען, אונהיימליכען, מאַגערען, בייז־פּראָ־פעטישען פויגעל פון אַלטערטום", און פיהלט, ווי דעם פויגעל'ס „פייערדיגע אויגען" ברענען זיין „אינערסט הארץ". אָט די ענדע־רונג פון געדאַנק, אָדער פאַנטאַזיע, ביי דעם ליעבענדען האָט די אַבזיכט ארויסצורופען אַן עהנליכע ענדערונג ביים לעזער און בריינ־גען איהם אין די געהעריגע שטימונג פאַר די אייגענטליכע ענטוויק־לונג, וואָס ווערט איצט געפירט אַזוי שנעל און דירעקט, ווי מעגליך.

מיט אָט דער אויפלעזונג, מיט דעם ראַב'ס ענטפער „never-more" אויף דעם ליעבענדען'ס לעצטע אַנפראַגע, אויב ער וועט באַגעגענען זיין געליעבטע אין אַנאַנדער וועלט, איז דאָס געדיכט אין דעם אייגענטליכען זין, ווי אַן איינפאַכע ערציילונג, געענדיגט. ביז איצט איז אַלץ אין די גרענצען פון דעם ערקלערליכען, פון דעם רע־אַלען. אַ ראַב, וואָס האָט זיך אויסגעלערענט ארויסצוריידען דאָס איינציגע וואָרט "nevermore", איז אַנטלאָפען פון דער וואַך פון זיין אייגענטימער, ווערט געטריבען פון אַ שטאַרקען שטורעם אינמיטען נאַכט און קלאַפּט אין אַ פענסטער, פון וועלכען עס זעהט זיך נאָך ליכט, — דאָס פענסטער פון אַ געלעהרטען, וואָס איז פאַר־נומען האַלב מיט דעם אינהאַלט פון אַ בוך, האַלב מיט טרוימען וועגען זיין טויטער געליעבטער. אויף דעם שלאָגען פון דעם פויגעל'ס פליגלען, עפענט ער דאָס פענסטער, און דער ראַב זעצט זיך באַלד אויף דעם באַקוועמסטען אָרט, וואו דער געלעהרטער קען איהם ניט דערגרייכען. אַמוזירט פון דעם אינצידענט און פון זיין באַזוכער'ס האַלטונג, פרעגט דער געלעהרטער, אין שפּאַס און ניט ערוואַרטענדיג קיין ענטפער, זיין נאָמען. דער ראַב ענטפערט אויף דעם מיט זיין געוויינליכען וואָרט "nevermore", — אַ וואָרט, וואָס געפינט באַלד אַן אָפּקלאַנג אין דעם טרויעריגען הארצען פון דעם געלעהר־טען. די אומשטענדען רופען ביי דעם לעצטען ארויס געוויסע גע־

דאנקען, וואס ער זאגט ארוים אין דער הויך, און ווידער ווערט ער ערשטוינט, ווען דער פויגעל ענטפערט זיין "nevermore". דער געלעהרטער באגרייפט איצט, וואס דאס מיינט; ער ווערט אבער געטריבען, ווי איך האב שוין פריהער ערקלערט, פון דער מענשליכער דורשט צו מאטערען זיך אליין, און טיילווייז פון אבערגלויבען, ווייטער צו שטעלען דעם פויגעל אזעלכע פראגען, וואס וועלען ברייגנען איהם, דעם ליעבענדען, דעם גרעסטען פיין, אין דעם ערוואַרטען ענטפער "nevermore", ווען ער דערגרייכט אזוי מיט דעם לעצטען ענטפער דעם גרעסטען שמערץ אין פייניגען זיך אליין, קומט די ערציילונג צו א נאטירליכען סוף, און אויף אזוי ווייט איז דא אין קיין זאך ניט איבערטראַטען געוואָרען דער גרעניץ פון דעם רעאלען.

אבער ווען קונסטווערק ווערען אזוי בעארבייט, איז ווי געשיקט דאס זאל ניט ווערען געטאן, און ווי רייך זיי זאלען ניט זיין אין אינצידענטען, וועט אלעמאל זיין אין זיי א געוויסע הארטקייט אדער נאקעטקייט, וואס שטויסט אפ דאס קינסטלערישע אויג. צוויי זאכען זיינען שטענדיג נויטיג: ערשטענס, א געוויסע מאס פון קאמפלעקסיטעט, אדער בעסער געזאגט, צופאסונג; און צווייטענס, א געוויסע מאס פון סוגעסטיווען גייסט, א געוויסער אונטערשטראם פון באדייטונג, ווי אונבאשטימט ער זאל ניט זיין. אט דער אונטערשטראם, באזונדערס, גיט א קונסטווערק אזוי פיעל יענע ר י י כ ק י י ט, (נעמענדיג א שטארקען אויסדרוק פון דער אלטעגליכער שפראך), וואס מיר מישען אזוי גערן צונויף מיט ד ע ם א י ד ע א ל ע ן. דער א י ב ע ר פ ל ו ס און דאס א ו נ ט ע ר ש ט ר י י כ ע ן פון דער געהיימער באדייטונג, מאכען זי פאר דעם אויבערשטראם אנשטאט דעם אונטערשטראם פון דעם ווערק, — אט וואס פארוואנדעלט אין פראזא, און אין פראזא פון דעם פלאכסטען מין, די אזוי גערופענע פאעזיע פון די אזוי גערופענע טראנסצענדענטאליסטען.

אט די באטראכטונגען האבען מיך געצוואונגען צו שרייבען די צוויי סטראפען, וואס שליסען דאס געדיכט; זייער קראפט פון סור־

געסטיאַן האָט געמוזט דורכדרינגען די גאַנצע פריהעריגע ערציילונג. דער אונטערשטראָם פון באַדייטונג קומט צוערשט אַרויס אין די שורות:

**נעם דיין שנאָבעל מיר פון האַרצען, כ'וויל אַליין זיין, ווי ביזהער!**
**און דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מעהר.**

דאָ קען מען באַמערקען, אַז די ווערטער „מיר פון האַרצען" גיבען דעם ערשטען מעטאַפאָרישען אויסדרוק אין דעם געדיכט. אָט די ווערטער און דער ענטפער "nevermore" ברענגען דעם לעזער אויף דעם געדאַנק צו זוכען אַ מאָראַל אין דעם, וואָס איז פריהער דערציילט געוואָרען. דער לעזער הויבט איצט אָן צו באַטראַכטען דעם ראָב ווי אַן עמבלעם; אָבער ערשט אין דער לעצטער שורה פון דער גאָר לעצטער סטראָף ווערט קלאָר אַרויסגעבראַכט די אַבזיכט צו מאַכען דעם ראָב אַן עמבלעם פון טרויעריגער און קיינמאָל ניט ענדיגענדער עראינערונג:

**און ביז איצט נאָך זיצט ער, זיצט ער, און מיט זיינע אויגען בליצט ער**
**פון דעם בלייכען ביוסט פון פּאַלאַס אויף מיין שוועל פאַרוויסט און לער.**
**זיינע בליקען נעמען שטאַרען, ווי אַ שד אין טרוים פאַרלאָרען,**
**און פון זיין געשטאַלט געבאָרען ווערט אַ שאָטען ברייט און שווער.**
**און מיין זעל פון יענעם שאָטען, וואָס צושפּרייט זיך ברייט און שווער,**
**ווערט ניט אויפשטעהן — קיינמאָל מעהר.**

## שווייגען — א פאבעל

די בערג שפּיצען דרימלען ; טאָלען, פעלזען און הייהלען שווייגען.

„הער מיך אוים, — האָט געזאָגט דער דעמאָן, ארויפלייענדיג זיין האַנט אויף מיין קאָפּ. — דאָס לאַנד, וועגען וועלכען איך רעד דאָ, איז א טרויעריג לאַנד אין ליביען, ביי די ברעגען פון דעם טייך זאאיר. און קיין רוה איז דאָרט ניטאָ און קיין שווייגען.

„די וואסערען פון טייך האָבען א זאפראַן־געלע, קרענקליכע פאַרב ; און זיי שטראָמען ניט. ווייטער צום ים, נאָר שטעלען זיך אייביג אויף אונטער דעם רויטען אויג פון דער זון מיט א שטורמיגער און קאַנוואולסיווער באַוועגונג. אויף יעדער זייט פון דעם ליימיגען בעט פון טייך ציהט זיך מיילען ווייט א בלייכע וויסט פון ריזיגע וואסער ליליען. זיי זיפצען איינע צו דער אנדערער אין דער איינזאמקייט, שטרעקען אוים צום הימעל זייערע לאַנגע געשפּענסטיגע העלזער און שאָקלען הין און צוריק זייערע אונפאַרגענגליכע קעפּ. און א פאַרשטיקט מורמלען קומט פון זיי ארוים, ווי פון דעם ברויזען פון אן אונטערערדישען וואסער. און זיי זיפצען איינע צו דער אנדערער.

„אבער זייער קעניגרייך האָט א גרעניץ, דער גרעניץ איז א טונקעלער, שרעקליכער, הויכער וואַלד. די נידריגע בוימלאַך זיינען, ווי די וועלען ארום די העברידען, אין אייביגער באַוועגונג. און דאָך רעגט זיך ניט קיין ווינט אונטער'ן הימעל. און די הויכע בוימער פון דעם אוראַלטען וואַלד וויגען זיך אייביג הין און הער מיט א מעכטיגען ברויזען. און פון די הויכע שפּיצען פאַלען איינער נאָכ'ן אנדערען טראָפּענס פון אייביגען טוי. און ארום זייערע וואָרצלען וויקלען זיך זונדערבאַרע גיפטיגע בלומען אין אונרוהיגען שלומער.

און איבער זייערע קעפּ איילען אַלץ די גרויע וואָלקענס צו וועסט, ביז זיי פאַלען אַראָפּ ווי אַ קאַטאַראַקט איבער די פייעריגע וואַנט פון האָריזאָנט. אָבער קיין ווינט רעגט זיך ניט אונטער'ן הימעל. און ביי די ברעגען פון דעם טייך זאַאיר איז ניטאָ ניט קיין רוה, ניט קיין שווייגען.

„נאַכט איז געווען און אַ רעגען איז געפאַלען; און אין פאַלען איז דאָס געווען רעגען, אָבער נאָכ'ן פאַלען איז דאָס געווען בלוט. און איך בין געשטאַנען אין זומפּ אונטער די הויכע ליליען, און דער רעגען איז געפאַלען אויף מיין קאָפּ, און די ליליען האָבען געזיפצט איינע צו דער אַנדערער אין דער פייערליכקייט פון זייער פאַרלאַ־זענקייט.

„און פּלוצלונג איז די לבנה אויפגעגאַנגען דורך דעם דינעם גייסטערהאַפטען נעבעל און איז געווען רויט געפאַרבט. און מיין בליק איז געפאַלען אויף אַ געוואַלטיגען גרויען פעלז, וואָס איז גע־שטאַנען ביים ברעג פון טייך און איז געווען באַלויכטען פון לבנה שיין. און דער פעלז איז געווען גרוי און פינסטער און הויך, — און דער פעלז איז געווען גרוי. אויף זיין שטיינערנעם שטערן זיינען געווען איינגעקריצט בוכשטאַבען; און איך בין געגאַנגען דורך דעם זומפּ פון וואַסער ליליען, ביז איך בין געקומען נאָהנט צום ברעג, צו לעזען די אויפשריפט אויפ'ן שטיין. איך האָב זי אָבער ניט גע־קענט ענטציפערען. און איך בין ווידער געגאַנגען דורך דעם זומפּ צוריק, ווען די לבנה האָט אויפגעלויכט נאָך רויטער; און איך האָב זיך אומגעקערט און ווידער אַ קוק געטאָן אויפ'ן פעלז און אויף די אויפשריפט, און די אויפשריפט איז געווען — פ אַ ר ל אָ ז ע נ־ק י י ט.

„און איך האָב אַרויפגעבליקט, און אַ מאַן איז געשטאַנען אויפ'ן שפּיץ פון פעלז; און איך האָב זיך באַהאַלטען צווישען די וואַסער ליליען, צו זעהן די באַוועגונגען פון דעם מאַן. און דער מענש איז געווען הויך און שלאַנק, און פון די אַקסלען ביז צו די פיס איז ער געווען איינגעהילט אין אַן אַלטרוימישע טאָגאַ. און די שטריכען פון זיין פיגור זיינען געווען אונקלאָר, אָבער זיינע צוגען זיינען גע־

ווען די צונגען פון א גאַטהייט; ווייל דער שלייער פון דער נאַכט און פון דעם נעבעל און פון דער לבנה און פון דעם טוי האָט ניט פאַרדעקט די צונגען פון זיין געזיכט. און זיין שטערן איז געווען הויך און געדאַנקענפול, און זיין בליק איז געווען שטאַרק באַזאָרגט און ווילד; און די עטליכע קנייטשען אויף זיינע באַקען האָבען דערצעהלט ווענען קומער און מידקייט און עקעל צו מענשען און בענקשאַפט נאָך איינזאַמקייט.

„און דער מאַן האָט זיך געזעצט אויפ׳ן פעלז, האָט אָנגעלעהנט דעם קאָפּ אויף אַ האַנט און האָט געקוקט אויף די פאַרוויסטונג אַרום. ער האָט אַראָפּגעקוקט צו די נידריגע אונרוהיגע בוימלאַך, און אַרויף צו די הויכע בוימער פון דעם אוראַלטען וואַלד, און נאָך העכער צום רוישיגען וואָלקען און אין די רויטע לבנה. און איך בין געלעגען פאַרבאָרגען צווישען די ליליען און האָב נאָכגעקוקט די באַוועגונגען פון דעם מאַן. און דער מאַן האָט געציטערט אין דער איינזאַמקייט, — אָבער די נאַכט איז אַלץ בלייכער געוואָרען, און ער איז געזעסען אויפ׳ן פעלז.

„און דער מאַן האָט אָפּגעווענדט זיינע אויגען פון דעם הימעל און האָט אַראָפּגעבליקט אויפ׳ן טריבען טייך זאַאיר, און אויף די געלע אונהיימליכע וואַסערען, און אויף די בלייכע לעגיאָנען פון וואַסער־ליליען. און דער מאַן האָט זיך צוגעהערט צו די זיפצען פון די וואַסער־ליליען און צו דעם מורמלען, וואָס איז אַרויפגעקומען פון צווישען זיי. און איך בין געלעגען באַהאַלטען און האָב באַאָבאַכט די באַוועגונגען פון דעם מאַן. און דער מאַן האָט געציטערט אין דער איינזאַמקייט, — אָבער די נאַכט איז אַלץ בלייכער געוואָרען, און ער איז געזעסען אויפ׳ן פעלז.

„דאַן בין איך אַראָפּגעגאַנגען אין די טיפען פון זומפּ און געוואַנדערט אין דער ווילדערניש פון די ליליען און גערופען די היפּאָפּאָטאַמען, וואָס וואוינען אין די טיפען פון זומפּ. און די היפּאָפּאָטאַמען האָבען געהערט מיין רוף און זיינען געקומען מיט די בעהעמאָטען ביז צום פוס פון דעם פעלז און האָבען געברילט הויך און פירכטערליך אונטער דער לבנה. און איך בין נאָך אַלץ געלעגען

פאַרבאַרגען און באַאבאַכט די באַוועגונגען פון דעם מאַן. און דער מאַן האָט געציטערט אין דער איינזאַמקייט, — אָבער די נאַכט איז אַלץ בלייכער געוואָרען, און ער איז געזעסען אויפ'ן פעלז.

„דאַן האָב איך געשאָלטען די עלעמענטען מיט דער קללה פון אויפשטאַנד; און א פורכטבאַרער שטורעם האָט זיך אויפגעהויבען אין הימעל, וואו ביז איצט האָט זיך ניט גערעגט קיין ווינט. און דער הימעל איז געוואָרען בלייאיגער פון דער געוואַלט פון שטורעם — און דער רעגען האָט געקלאַפּט אויפ'ן קאָפּ פון דעם מאַן — און דאָס וואַסער פון טייך איז ארויסגעטראָטען פון די ברעגען — און דער טייך איז געקוועלט געוואָרען ביז שוים — און די וואַסער-ליליען האָבען אויפגעשריען אין זייערע בעטען — און דער וואַלד איז צוברעקעלט געוואָרען אין דעם שטורעמווינט — און דער דונער האָט זיך געטראָגען — און דער בליץ האָט געצוקט — און דער פעלז האָט זיך געוויגט ביז צום באָדען. און איך בין געלעגען באַהאַלטען און האָב באַאָבאַכט די באַוועגונגען פון דעם מאַן. און דער מאַן האָט געציטערט אין דער איינזאַמקייט, — אָבער די נאַכט איז אַלץ בלייכער געוואָרען, און ער איז געזעסען אויפ'ן פעלז.

„דאַן האָט מיך אַ צאָרן אָנגענומען, און איך האָב פאַרשאָלטען מיט דער קללה פון שווייגען דעם טייך און די ליליען און דעם ווינט און דעם וואַלד און דעם הימעל און דעם דונער און די זיפצען פון די וואַסער-ליליען. און די קללה האָט געטראָפען, און זיי זיינען געוואָרען שטיל. און די לבנה האָט אויפגעהערט צו וואַקלען אויף איהר וועג אין הימעל — און דער דונער איז אָפּגעשטאָרבען — און דער בליץ האָט מעהר ניט געצוקט — און די וואָלקענס זיינען געהאַנגען אָהן באַוועגונג — און דאָס וואַסער האָט צוריק געשטראָמט צו זיין בעט און איז דאָרט געבליבען — און די בוימער האָבען אויפגעהערט זיך צו וויגען — און די וואַסער-ליליען האָבען מעהר ניט געזיפצט — און קיין מורמלען איז מעהר ניט געקומען פון זיי, און אפילו ניט קיין שאָטען פון קלאַנג דורך די אונגעהויערע, אונענדליכע וויסט. און איך האָב אויפגעבליקט צו דער

אויפשריפט אויפ'ן פעלז, און די בוכשטאבען זיינען געווען גענ־
דערט: און די בוכשטאבען זיינען געווען — ש ו ו י י ג ע ן.

„און מיינע בליקען זיינען געפאלען אויף דאס געזיכט פון דעם מאן, און זיין געזיכט איז געווען בלייך פאר שרעק. און האסטיג האט ער אויפגעהויבען זיין קאפ פון דער האנט און איז געשטאנען גלייך אויפ'ן פעלז און האט זיך צוגעהערט. אבער קיין קלאנג איז ניט געקומען דורך די אונגעהויערע, אונענדליכע וויסט, און די אויפ־
שריפט אויפ'ן פעלז איז געווען ש ו ו י י ג ע ן. און דער מאן האט געציטערט און האט אפגעקערט זיין געזיכט און איז האסטיג אוועק, און איך האב איהם מעהר ניט געקענט זעהן."

* * *

שעהנע ערציילונגען זיינען פאראן אין די ביכער פון די מא־
גיער, אין די מיט אייזען באשלאגענע, טרויעריגע ביכער פון די מא־
גיער. אין זיי, זאג איך, זיינען פאראן רוהמרייכע געשיכטען פון דעם הימעל און פון דער ערד און פון דעם מעכטיגען ים און פון די גייסטער, וואס האבען באהערשט דעם ים און די ערד און דעם הויכען הימעל. עס איז אויך פאראן א סך וויזהייט אין שפרוכען, וואס די סיבילען האבען ארויסגעבראכט; און הייליגע, הייליגע זאכען האבען אמאל פארנומען די טונקעלע בלעטער, וואס האבען גע־
רוישט ארום דאדאנא; אבער, אזוי וואהר ווי אללאה לעבט, די פאבעל, וואס דער דעמאן האט מיר דערציילט, זיצענדיג ביי מיין זייט אין דעם שאטען פון קבר, האלט איך פאר די וואונדערליכסטע פון אלע! און ווען דער דעמאן האט געענדיגט זיין געשיכטע, איז ער אראפגעפאלען אין די טיף פון קבר און האט גענומען לאכען. און איך האב ניט געקענט לאכען מיט דעם דעמאן, און ער האט מיך פארשאלטען, ווייל איך האב ניט געקענט לאכען מיט איהם. און די לוקס, וואס וואוינט אייביג אין דעם קבר, איז ארויסגעקומען און האט זיך געלעגט ביי די פיס פון דעם דעמאן און האט איהם אונ־
באוועגליך געקוקט אין געזיכט.

# שאָטען — א פּאַראַבעל.

אויך ווען איך וואַנדער דורך דעם טאָל פון שאָטען.
תהלים.

איהר, וואָס לעבט, זייט נאָך צווישען די לעבעדיגע; אָבער איך, וואָס שרייב, וועל שוין לאַנג האָבען דורכגעגאַנגען מיין וועג צו דעם קעניגרייך פון שאטען. ווייל זונדערבאַרע זאכען וועלען געשעהן, און געהיימניסען וועלען אויפגעדעקט ווערען, און א סך יאָהרהונדערטער וועלען פאַראיבערגעהן, איידער מענשען וועלען זעהן אָט די נאָטיצען. און ווען דאָס וועט געלעזען ווערען, וועלען איינינע ניט גלויבען, איינינע וועלען צווייפלען און נאָר ווענינע וועלען געפינען זעהר פיעל נאָכצודיינקען איבער די שריפט צוגען, וואָס זיינען דאָ איינגעקריצט געוואָרען מיט אן אייזערנעם גריפעל.

דאָס יאָהר איז געווען א יאָהר פון שרעקען און פון נאָך אינ־טענסיווערע געפיהלען, פאַר וועלכע עס איז ניטאָ קיין נאָמען אויף דער ערד. ווייל געשעהן זיינען א סך וואונדער און צייכענס, און וויט און ברייט, איבער לאַנד און ים האָט די פּעסט אויסגעשפּרייט איהרע שווארצע פליגלען. פאַר די אָבער, וואָס קענען לעזען אין די שטערען, איז ניט אונבאַקאַנט געווען, אז די הימלען האָבען ניט אָנגעזאָגט קיין גוטס; און צוזאַמען מיט אַנדערע האָב איך, דער גריך אינאָס, איינגעזעהן, אז איצט איז אָנגעקומען דאָס זיבען הונ־דערט פיער און ניינציגסטע יאָהר, ווען, ביים אויפגאַנג פון אַריעס, דער פּלאַנעט יופּיטער האָט זיך פאַראייניגט מיט דעם רויטען רינג פון דעם שרעקליכען סאַטורנוס. דאָס זונדערבאַרע, וואָס האָט דורכגעדרונגען די הימלען, האָט זיך ארויסגעשטעלט, אויב איך האָב נאָר קיין טעות ניט, ניט נאָר אין דעם אויסערליכען אויסזעהן פון דער ערד, נאָר אויך אין די זעלען, פאַנטאַזיען און געדאַנקען פון די מענשען.

ביי עטליכע פלאשען רויטען כיאס וויין זיינען מיר ביינאכט געזעסען, א קאמפאניע פון זיבען, אין א הויכען זאל, אין א טריבער שטאט, וואס הייסט פטאלעמאיס. און קיין אנדער אריינגאנג צו אונזער צימער איז ניט געווען, ווי נאר א הויכע קופערנע טיר; און די טיר איז געמאכט געווארען פון דעם קינסטלער קארינאס, איז געווען פון זעלטענער ארבייט און האט זיך פארשלאסען פון אינ־וועניג. שווארצע דראפירונגען זיינען געהאנגען ארום אין דעם טונקעלען צימער און האבען פארבארגען פון די אויגען די לבנה, די בלייכע שטערען און די לערע גאסען; דאך די אהנונג און די ערי־נערונג אז דאס אונגליק האבען זיך ניט געלאזען אויסשליסען. און זאכען זיינען געווען ארום אונז, פון וועלכע איך קען ניט געבען קיין דייטליכע שילדערונג, — קערפערליכע און גייסטיגע זאכען, — א שווערקייט אין דער אטמאספער האט אונז געשטיקט — אן אנגסט האבען מיר געפיהלט, — און מעהר פון אלץ יענער שרעקליכער צו־שטאנד פון עקזיסטירען, ווען די חושים זיינען אויסערגעוויינליך פארשארפט און וואכזאם און ווען דער געדאנק שלומערט. א טויטע שווערקייט איז געהאנגען איבער אונז. זי איז געלעגען אויף אונ־זערע גלידער, אויף די געגענשטאנדען אין צימער, אויף די בעכער, פון וועלכע מיר האבען געטרונקען. און זי האט אראפגעדריקט אלע זאכען ארום אונז, אלץ, אויסער די פלאמען פון די זיבען אייזערנע לאמפען, וואס האבען באלויכטען אונזער טרינק ארט. די פלאמען זיינען געשטיגען אין לאנגע, דינע ליכטשטרייפען און האבען אלע געברענט גלייך און אונבאוועגליך; און אין דעם שפיגעל, וואס זייער ליכט האט פארמירט אויף דעם רונדען טיש פון עבענהאלץ, ארום וועלכען מיר זיינען געזעסען, האט יעדערער פון אונז, פארזא־מעלטע דא, דערזעהן די בלייכקייט פון זיין אייגענעם אנבליק און דעם אונרוהיגען פייער אין די אראפגעלאזענע אויגען פון זיינע פריינד. דאך האבען מיר געלאכט און זיינען געווען לוסטיג אויף אונזער אייגענעם שטייגער, — היסטעריש לוסטיג; און מיר הא־בען געזונגען די לידער פון אנאקרעאן, וואס זיינען וואהנזין; און מיר האבען געטרונקען אונאויפהערליך, כאטש דער פורפורנער וויין

האָט אונז דערמאָנט אָן בלוט. ווייל נאָך אַ גאַסט איז געווען אין אונזער צימער, דער יונגער זאָאילוס. טויט און אויסגעשטרעקט איז ער דאָ געלעגען, איינגעהילט אין אַ טויטען־טוך, — דער גייסט, דער דעמאָן פון דעם אָרט. אָך, ער האָט זיך ניט באַטייליגט אין אונזער פרייליכקייט, אויסער וואָס זיין אַנבליק, צוקרימט פון דער פּעסט, און זיינע אויגען, אין וועלכע דער טויט האָט נאָר האַלב אויסגעלאָשען דעם פייער פון דער פּעסט, האָט זיך אין אונזער פרייליכקייט באַטייליגט אַזוי ווייט ווי טויטע קענען נאָר זיך בעטייליגען ביי די, וואָס מוזען באַלד שטאַרבען. אָבער כאָטש איך, אינאָס, האָב געפיהלט, אַז די אויגען פון די געשטאָרבענע האָבען גערוהט אויף מיר, האָב איך מיך דאָך געצוואונגען ניט צו באַמערקען זייער ביטטערען אויסדרוק און האָב אַלץ געשטאַרט אַראָפּ אין די טיפען פון דעם שפּיגעל פון עבענהאָלץ און געזונגען מיט אַ הויכער און פולער שטים די ליעדער פון דעם זוהן פון טעיאָס. אָבער ביסלעכווייז האָבען מיינע לידער אויפגעהערט, און זייער עכאָ האָט פאַרקלונגען ווייט אין די טונקעלע דראַפּירונגען פון צימער, איז געוואָרען שוואַך און אונדייטליך און איז אינגאַנצען פאַרשוואונדען. און זעהט! פון יענע טונקעלע דראַפּירונגען, אין וועלכע די טענער פון דעם ליעד זיינען פאַרשוואונדען, איז אַרויסגעקומען אַ טונקעלער, אונדייטליכער שאָטען, — אַ שאָטען, ווי די לבנה, ווען זי שטעהט נידריג אין הימעל, וואָלט געמאַכט פון אַ געשטאַלט פון אַ מענשען: דאָס איז אָבער ניט געווען קיין שאָטען ניט פון אַ מענשען, ניט פון אַ גאָט, ניט פון אַ וועלכער עס איז באַקאַנטער זאַך. און ער האָט געציטערט אַ ווייל צווישען די דראַפּירונגען פון צימער און איז ענדליך געבליבען שטעהן פאַר אונזערע אויגען אויף דער קופּערנער טיר. אָבער דער שאָטען איז געווען אונדייטליך און פאַרמלאָז און אונבאַשטימט און איז ניט געווען קיין שאָטען פון אַ מענשען אָדער אַ גאָט, — אַ גריכישען גאָט, אַ כאַלדעאישען אָדער אַ גאָט פון מצרים. און דער שאָטען איז געבליבען אויף דער קופּערנער טיר, אונטער דעם בויגען פון איהר פריז, און האָט זיך ניט געריהרט און ניט אַרויסגעזאָגט קיין וואָרט, נאָר איז דאָרט געשטאַנען און איז געבליבען שטעהן.

און די טיר, אויף וועלכער דער שאַטען האָט גערוהט, איז געווען, אויב איך געדענק נאָר גוט, אַנטקעגען די פיס פון דעם יונגער, אין אַ טויטען־טוך איינגעהילטען זאַאילוס. אָבער מיר, די זיבען פאַר־זאַמעלטע, האָבען געזעהן ווי דער שאַטען איז ארויסגעקומען פון די דראַפּירונגען, האָבען ניט געוואַגט צו קוקען אויף איהם גלייך, נאָר האָבען אַראָפּגעלאָזען די אויגען און האָבען אַלץ געשטאַרט אין די טיפען פון דעם שפּיגעל פון עבענהאָלץ.

און ענדליך האָב איך, אינאָס, געזאָגט עטליכע שטילע ווערטער און געפרעגט דעם שאַטען וועגען זיין היימאַט און זיין נאָמען. און דער שאַטען האָט געענטפערט: „איך בין דער שאַטען, און מיין היימאַט איז נאָהנט ביי די קאַטאַקאָמבען פון פּטאָלעמאַיס און האַרט ביי דעם טונקעלען פלאַכלאַנד פון עליזיאָן, וואָס גרעניצט מיט׳ן טריבען כאַראָן“.

און דאַן האָבען מיר, די זיבען, זיך אויפגעהויבען אין שרעק פון אונזערע ערטער און זיינען געשטאַנען און געציטערט. ווייל דער קלאַנג פון דעם שאַטענס שטים איז ניט געווען דער קלאַנג פון איין באַשעפעניש, נאָר פון אַ סך; און דער טאָנפאַל, ענדערענדיג זיך פון זילב צו זילב, איז טריב געפאַלען אויף אונזערע אויערען מיט דעם גוט באַקאַנטען שטימקלאַנג פון טויזענדער און טויזענדער פריינד, וואָס זיינען פון אונז אַוועק.

# דער פעיען - אינזעל.

"La musique", — זאגט מארמאנטעל אין זיינע
"Contes Moraux" (וואס אלע אונזערע איבערזעצער ווילען אנ־
רופען ניט אנדערש ווי „מאראלישע געשיכטען", אזוי ווי שפאטענ־
דיג פון זייער גייסט)—"La musique est le seul des talentes
qui jouissent de lui-même; tous les autres veulent
des temoins." ער צומישט דאס פארגעניגען, וואס
מען באקומט פון אנגענעמע טענער, מיט דער פעהיגקייט זיי צו בא־
שאפען. ווייל דער „טאלאנט" פאר מוזיק איז ניט מעהר פון וועל־
כען עס איז אנדערען „טאלאנט" אימשטאנד צו געבען פארגעניגען
פאלשטענדיג, ווען עס איז ניטא קיין צווייטע פערזאן צו פארנעמען
און אפשאצען די אויספיהרונג. און נאר צוזאמען מיט אנדערע טא־
לאנטען קען די מוזיק ארויסברענגען ו ו י ר ק ו נ ג ע ן, וואס
זאלען קענען פאלשטענדיג פארנומען ווערען אין איינזאמקייט. דער
גרונד געדאנק, וואס מארמאנטעל האט ניט קלאר גענוג אויסגע־
דריקט, אדער וועמעס אויסדרוק ער האט אויפגעאפערט צוליעב זיין
פראנצויזישער פארליעבע צו „גייסטרייכקייט", איז אהן צווייפעל
דער גאנץ אננעמבארער געדאנק, אז די העכערע מוזיק קען אם בעס־
טען אפגעשאצט ווערען, ווען מיר זיינען אינגאנצען אליין. אין אט
דער פארם וועט די באהויפטונג זיין אננעמבאר פאר אלעמען, וואס
ליעבען די לירא צוליעב איהר אליין און צוליעב איהרע גייסטיגע
נוצען. עס איז אבער פאראן נאך איין פארגניגען, — און אפשר
דאס איינציגע, — וואס איז צוגענגליך פאר דער ארימער מענשהייט
און וואס ווערט נאך מעהר ווי דאס פארגניגען פון מוזיק דערהויבען
פון דעם געפיהל פון איינזאמקייט. איך מיין דאס גליק, וואס מיר
פיהלען ביים באטראכטען א לאנדשאפט. אין דער אמת'ען, ווייל א
מענש באטראכטען גאט'ס הערליכקייט אויף דער ערד, מוז ער זי

באטראכטען אין איינזאמקייט. פאר מיר, ווענינגסטענס, איז די אנוועזענהייט ניט נאר פון מענשליכען לעבען, נאר פון לעבען בכלל, אין וועלכער ניט איז אנדערער געשטאלט, ווי דאס גרינס, וואס וואקסט אויף דער ערד און איז שטום, א פלעק אויף דעם לאנדשאפט, א פיינד פאר דעם גייסט, וואס וואוינט דא. איך האב ליעב צו באטראכטען די טונקעלע טאלען, און די גרויע פעל־זען, און די וואסערען, וואס שמייכלען שווייגענדיג, און די וועלדער, וואס זיפצען אין אונרוהיגען שלומער, און די שטאלצע, וואכזאמע בערג, וואס קוקען אראפ אויף דאס אלץ. איך האב ליעב צו באַ־טראכטען אט די זאכען פאר דאס, וואס זיי זיינען: ריזיגע גליעדער פון איין אונגעהויערען לעבעדיגען און פיהלענדען גאנצען, וועמעס פארם, — א ספערען פארם, — איז די פאלקאמסטע און אלאומפאַ־סענדסטע; וועמעס וועג איז צווישען די אנדערע פלאנעטען; ווע־מעס באשיידענע באדינערין איז די לבנה, אונטער דער הערשאפט פון דער זון; וועמעס לעבען איז די אייביגקייט; וועמעס געדאנק איז דער געדאנק ווענען א גאט; וועמעס פארגניגען איז וויסען; וועמעס שיקזאל ווערט פארלארען אין דער אונענדליכקייט; א גאנ־צעס, פאר וועמען מיר זיינען דאזעלבע, וואס די animalculae אין אונזער מארך זיינען פאר אונז, — די קליינע באשעפענישען, וואס מיר מוזען באטראכטען ווי לעבענסלאזען שטאף, פונקט ווי די זעלבינע animalculae מוזען באטראכטען אונז.

אונזערע טעלעסקאפען און אונזערע מאטעמאטישע אויספאר־שונגען פארזיכערען אונז אין יעדען איינצעלנעם פונקט, — ניט קוּ־קענדיג אויף די רעד פון די אונוויסענדערע גייסטליכע, — אז רוים, און פאלגליך אויך דער גאנצער שטאף, האט א וויכטיגע באדייטונג אין די אויגען פון דעם אלמעכטיגען. די קרייזען, אין וועלכע די שטערען באוועגען זיך, זיינען אם בעסטען צוגעפאסט צו דער עוואָ־לוציאן, אזוי אז די גרעסטע צאהל קערפער וועלען אויף זייער וועג ניט קומען אין קאליזיאן. די פארם פון יענע קערפער איז גענוי אזא, אז זי האלט אין זיך, אין דער געגעבענער אויבערפלאך, די מעג־ליכסט גרעסטע מאסע שטאף; און די אויבערפלאכען אליין זיינען

אזוי באשאפען, אז זיי קענען אויפנעמען א גרעסערע צאָהל באַוואוי־נער, ווי ווען זיי וואָלטען געווען אַנדערש פאָרמירט. אויך איז דאָס ניט קיין אַרגומענט אַנטקעגען דעם געדאנק, אז דער שטאָף האָט א באדייטונג אין גאָט'ס אויגען, וואָס דער רוים אליין איז אונענדליך; ווייל עס קען דאָך זיין אז אונענדליכקייט פון שטאָף אָנצופילען דעם רוים. און אזוי ווי מיר זעהען איין קלאָר, אז די באַלעבונג פון מאַ־טעריע איז א פּרינציפּ, — אין דער אמת'ען, ווי ווייט מיר קענען אורטיילען, דער ל י ט ע נ ד ע ר פּרינציפּ אין דעם ווירקען פון דער גאָטהייט, — איז עס קוים לאָגיש פאָרצושטעלען זיך, אז אַט דער פּרינציפּ איז באשרענקט אויף די רעגיאָנען פון דעם קליינעם, וואו מיר קענען איהם נאָכפאָלגען יעדען טאָג, און דרינגט ניט דורך אויך דאָס ערהאבענע. אזוי ווי מיר געפינען קרייזען אין קרייזען אָהן א סוף, און אַלע דרעהען זיך ארום איין אונענדליך ווייטען מיטעלפונקט, דעם קאָפּ פון דער גאָטהיים, קע־נען מיר דען אַנאַלאָגיש ניט אָננעמען די עקזיסטענץ פון לעבען אין לעבען, דאָס קלענערע אין דעם גרעסערען, און אלע אין דעם געטלי־כען גייסט? קורץ, מיר האָבען א טעות, ווען מיר גלויבען אין נאַ־רישער זעלבסט־איבערשאצונג, אז דער מענש אין זיין צייטליכער אָדער צוקונפטיגער ענטוויקלונגם פאָרם האָט א גרעסערע וויכטיג־קייט אין דער וועלט, איידער א שטיקעל לאַנד, וואָס ער אַקערט און פאַראַכט, און אין וועלכער ער געפינט ניט קיין נשמה פון ניט קיין טיפערען גרונד, ווי אז ער זעהט ניט איהר לעבעדיגע ווירקונג.*)

אָט די און ענליכע געדאנקען האָבען געגעבען מיינע באַ־טראַכטונגען אין די בערג און וועלדער, אויף די ברעגען פון טייכען און פון דעם ים א ריכטונג, וואָס די אלטעגליכע וועלט וואָלט זיכער אָנגערופען פאַנטאַסטיש. זעהר אָפט האָב איך פאַרשענד און איינ־זאם דורכגעוואַנדערט אַזעלכע געגענדען; און דער אינטערעס, מיט וועלכען איך האָב געוואַנדערט דורך א סך טונקעלע, טיפע טאָלען,

---

*) פּאָמפּאָניום מעלאָ זאָגט אין זיין טראַקטאַט „דע סיטו אָרביס" „אָדער די וועלט איז אַ גרויסע חיה, אָדער..." א. אַז וו.

אדער האָב באַטראַכט אַ סך שימערענדע לאַנדזעצן, וואו דער הימעל האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט, איז נאָך מעהר פאַרטיפט געוואָרען ביי דעם געדאַנק, אַז איך וואָנדער א ל י י ן, באַטראַכט א ל י י ן. וועלכער פלוידערישער פראַנצויז *) האָט דאָס געזאָגט, באַרופענדיג זיך אויף דאָס גוט באַקאַנטע ווערק פון צימערמאַן, אַז "La solitude est une belle chose; mais il faut quelqu'un pour vous dire que la solitude est une belle chose?" קענען דעם עפּיגראַם איז ניטאָ וואָס איינצוואַווענדען; אָבער די נויטווענדיגקייט איז אַ זאַך, וואָס עקזיסטירט ניט.

אויף איינער פון מיינע איינזאַמע וואַנדערונגען אין אַ ווייטען געגענד, אַרומגערינגעלט און דורכגעקרייצט פון בערג, פאַרביי טרויעריגע טייכען און טונקעלע, שלאָפענדע לאַנדזעצן, בין איך געקומען צו אַ קליינעם טייכעל און אַן אינזעל. דאָס איז געשעהן פּלוצלונג איינמאָל אין דעם גרינעם יוני. איך האָב זיך געוואָרפען צו דער ערד, אונטער די צווייגען פון אַן אונבאַקאַנטען דופטיגען בוש, צו קענען אָפּרוהען, באַטראַכטענדיג דעם לאַנדשאַפט. איך האָב געפיהלט, אַז נאָר אַזוי דאַרף איך דעם לאַנדשאַפט באַטראַכטען, אַזאַ מין צויבער איז אין דעם געווען.

פון אַלע זייטען, אויסער פון וועסט, וואו די זון האָט זיך שוין גענייגט צום אונטערגאַנג, האָבען זיך אויפגעהויבען די גרינע ווענט פון דעם וואַלד. דער קליינער טייך, וואָס האָט געמאַכט אַ שאַרפען בויג און האָט פּלוצלונג זיך באַהאַלטען פון אויג, האָט געשיינט ניט צו האָבען קיין אויסוועג פון זיין געפענגניס, נאָר צו ווערען פאַרלאָרען אין דער טיף פון די גרינע בלעטער פון בוימער אין אָסט; און אויף דער אַנטקעגענדיגער זייט, — אַזוי ווענינגסטענס האָט מיר אויסגעוויזען, ווען איך בין דאָרט געלעגען און האָב געקוקט אַרויף,— האָט אַ רייכער גאָלדיג־רויטער וואַסערפאַל שטיל און אָהן אויפהער זיך געגאָסען פון די וועסטליכע ליכט קוואַלען פון הימעל אַראָפּ אין טאָל.

---

*) באַלזאַק, איך געדענק ניט גענוי די ווערטער.

אַרום דעם מיטעלפּונקט פון דעם לאַנדשאַפט, וואָס מיין טרוי־מענדער בליק האָט פאַרנומען, האָט גערוהט אין שויס פון דעם טייך דער קליינער, רונדער, איבער־רייך באַגרינטער אינזעל.

„ס'האָבן ברעג און שאָטען אויסגעמישט
געשיינט צו הענגען אין דער לופט." —

אַזוי שפּיגעל־עהנליך איז געווען דאָס גלאָזיגע וואַסער, אַז עס איז קוים מעגליך געווען צו זאָגן, ביי וועלכען פּונקט פון דעם סמאַראַגדענעם אָפּהאַנג זיין קריסטאַלען קעניגרייך האָט זיך אָנגעהויבען.

מיין פּאָזיציאָן האָט מעגליך געמאַכט פאַר מיר אַרומצונעמען מיט איין בליק דעם אָסטליכען און וועסטליכען עק פון דעם קליינעם אינזעל, און איך האָב באַמערקט זונדערבאַר באַצייכענטע גענענזאַצען. דער וועסט איז אײַנגאַנצען געווען אַ שטראַלענדער האַרעם פון גאָרטען שעהנהייטען. ער האָט געגליהט און זיך גערויטעלט אונטער די קרומע זון־שטראַהלען, און זיינע בלומען האָבען צויבער־האַפט געשמייכעלט. דאָס גראָז איז געווען קורץ, לייכט באַוועגט, דופטיג און באַשפּרינקעלט מיט אַספּאָדעלען. די בוימער זיינען געווען בויגזאַם, גלייך, העל, שלאַנק און גראַציעז, האָבען געהאַט אַן אָריענטאַלישען אויסזעהן און בלעטערווערק, מיט אַ ווייסער, לויכטענדער און פאַרביגער קאָרע. אַ טיף געפיהל פון לעבען און פרייד האָט געשיינט אַלץ דורכצודרינגען; און כאָטש קיין ווינטעל האָט ניט געבלאָזען, איז דאָס בילד געווען שטיל באַלעבט פון דעם ווייסען פלאַטערען פון אָהן אַ צאָהל שמעטערלינגען, וואָס וואָלטען געקענט אָנגענומען ווערען פאַר באַפליגעלטע בלומען.*)

דער אָסטליכער עק פון דעם אינזעל איז געווען פאַרבאָרגען אין דעם טיפסטען שאָטען. אַ טונקעלע, אָבער שעהנע און פרידליכע מעלאַנכאָליע האָט דאָ דורכגעדרונגען אַלצדינג. די בוימער זיינען

*) Florem putares mare per liquidum aethera.—P. Commire.

געוועזן פון טונקעלען קאָליר און טרויעריג אין געשטאַלט און האַל־טונג; זיי האָבען זיך געפלאָכטען אין טרויעריגע, פייערליכע און גייסטערהאַפטע געשטאַלטען, וואָס האָבען דערמאָנט אַן טויט־שמערץ און פריציייטיגען טויט. דאָס גראָז האָט געהאַט די טיפע פאַרב פון א ציפּרעס; די שפּיצען פון די בלעטער זיינען הילפלאָז אראָפּגעהאַנגען. דאָ און דאָרט אין דעם גראָז האָבען זיך אויפגע־הויבען קליינע בערגלעך, נידריגע, שמאָלע און ניט לאַנגע, וואָס האָ־בען אויסגעזעהן ווי קברים, זיינען דאָס אָבער ניט געוועזן, כאָטש די ראוט און דער ראָזמאַרין זיינען אויף זיי אַרומגעקראָכען. דער שאָ־טען פון די בוימער איז שווער געפאַלען אויף דאָס וואַסער און האָט געשיינט דאָרט צו פאַרזינקען, אָנפילענדיג די טיפען מיט פינסטער־ניש. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז יעדער שאָטען האָט, ווען די זון איז אַלץ טיפער און טיפער אראָפּגעזונקען, זיך טרויעריג אָפּ־געטיילט פון דעם שטאַם, וואָס האָט איהם געבאָרען, און איז פאַר־שלונגען געוואָרען פון דעם שטראָם; און אַנדערע שאָטענס זיינען אין אַן אויגענבליק ארויסגעקומען פון די בוימער און האָבען פאַר־נומען דעם אָרט פון זייערע באַגראָבענע פאָרגענגער.

ווי נאָר אָט דער געדאַנק האָט פאַרנומען מיין פאָרשטעלונג, האָב איך זיך פאַרלאָרען אין אַנדערע טרוימערייען. „אויב אָן אינ־זעל איז ווען עס איז געוועזן פאַרצויבערט, — האָב איך זיך געזאָגט,— איז דאָס אָט דער אינזעל. דאָס איז דער אָרט פון די עטליכע ליעבע פעיען, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבען נאָך דעם אונטערגאַנג פון זייער מין. זיינען אָט די גרינע קברים זייערע? גיבען זיי אויך אָפּ זייערע שעהנע לעבענס, ווי די קינדער פון מענשען? און שטאַר־בענדיג, פאַרגעהען זיי דען ניט טרויעריג, אָפּגעבענדיג אין גאָט'ס הענט ביסלעכווייז זייער עקזיסטענץ, ווי אָט די בוימער גיבען אָפּ שאָטען נאָך שאָטען, ערשעפּענדיג זייער שטאָף ביז צו דער לעצטער אויפלעזונג? איז דאָס לעבען פון די פעיען ניט דאָס זעלביגע פאַר דעם טויט, וואָס פאַרשלינגט עס, וואָס דער פאַרגעהענדער בוים איז פאַר דעם וואַסער, וואָס נעמט אריין זיין שאָטען און ווערט פון דעם נאָך שוואַרצער?"

אזוי האָב איך געטרוימט מיט האַלב געשלאָסענע אויגען, און די זון איז שנעל אראָפּגעזונקען צו איהר רוה, און א ווירבעל ווינט איז דורכגעלאָפּען ארום און ארום דעם אינזעל, טראָגענדיג אין זיין שוים גרויסע, לויכטענדע, ווייסע פלאַקען פון דער קאָרע פון דעם ווילדען פייגענבוים און שפּרייטענדיג זיי פאַרשידענפאַרמיג אויפ'ן וואסער, אזוי אז א לעבעדיגע פאַרשטעלונגס קראַפט וואָלט זיי גע־קענט פאַרוואַנדלען אין וואָס איהר ווילט. און ווי איך האָב אזוי געטרוימט, האָט מיר אויסגעוויזען, אז די פאָרם פון איינער פון יענע פעיען, וועגען וועלכע איך האָב געטראַכט, איז לאַנגזאַם דורכגע־גאַנגען אין די פינסטערניש פון דעם ליכט ביי דעם וועסטליכען עק פון דעם אינזעל. זי איז געשטאַנען גלייך אין א שוואַכען שיפעל און האָט עס באַוועגט מיט דעם שאָטען פון א רודער. איהר האַלטונג האָט אונטער דער ווירקונג פון די לעצטע, לאַנגזאַם פאַרגעהענדע זון שטראַלען געשיינט אויסצודריקען פרייד, אָבער וואָס מעהר זי איז אריינגעקומען אין שאָטען, אַלץ מעהר איז איהר האַלטונג צוקרימט געוואָרען פון א שווערען קומער. לאַנגזאַם האָט זי זיך באַוועגט, איז ענדליך צוריק ארויסגעקומען פון דעם קרייז ארום דעם אינזעל צו דעם פאַרגעהענדען ליכט. „דער קרייזלויף, וואָס די פעי האָט איצט דורכגעמאַכט, — האָב איך געטראַכט,—וועט זיין דער רינג פון דעם קורצען יאָהר פון איהר לעבען. זי איז דורכגעשוואומען דורך איהר ווינטער און איהר זומער. זי איז געקומען מיט איין יאָהר נאָהנטער צו איהר טויט; ווייל איך האָב ניט געקענט ניט זעהן, אז ווען זי איז געקומען אין די טונקעלקייט, איז איהר שאָטען גע־פאַלען פון איהר און איז פאַרשלונגען געוואָרען פון דעם טונקעלען וואסער, מאַכענדיג זיין שווארצקייט נאָך שווארצער.“

און ווידער האָט זיך באַוויזען דאָס שיפעל מיט דער פעי; אָבער אין איהר האַלטונג איז געווען מעהר זאָרג און אונזיכערהייט, און וועניגער לעבעדיגער פרייד. זי איז ווידער ארויסגעשוואומען פון דעם ליכט אין די טונקעלקייט (וואָס איז אַלץ טיפער געוואָרען), און ווידער איז איהר שאָטען געפאַלען פון איהר אין דאָס עבענהאָלץ־פאַרביגע וואסער און איז פון זיין שווארצקייט פאַרשלונגען געוואָ־

רען. און ווידער און ווידער איז זי דורכגעשוואומען דעם קרייז ארום
דעם אינזעל (און די זון האט שוין געאיילט אראפ צו איהר שלאף);
און יעדעס מאל, ווען זי איז ארויסגעקומען אין ליכט, איז געווען
אלץ מעהר טרויער אין איהר געשטאלט, און זי איז געווארען אלץ
שוואכער און שוואכער און אונדייטליכער. און יעדעס מאל, ווען
זי איז אריינגעקומען אין די טונקעלקייט, איז פון איהר געפאלען
אלץ א טונקעלערער שאטען, וואס איז פארשלונגען געווארען אין
נאך א טיפערער פינסטערניש. און ענדליך, ווען די זון איז שוין
אינגאנצען פארשוואונדען, איז די פעי, איצט נאר א שאטען פון
דעם, וואס זי איז געווען פריהער, אויך אונטערגעגאנגען מיט איהר
שיפעל אין דעם שווארצען שטראם. אויב זי איז ווען עס איז פון
דארטען ווידער ארויסגעקומען, קען איך ניט זאגען, ווייל פינסטער־
ניש איז געפאלען איבער אלץ, און איך האב מעהר ניט געזעהן איהר
צוייבערליכע געשטאלט.

1841

# דער ראָב

כ'בין איין טריבע נאַכט געזעסען און אַ מידער זיך פֿאַרגעסען
איבער אַלטע פֿאָליאַנטען פֿון אַ לאַנג פֿאַרלאָר'נער לעהר.
שלעפֿריג, מאַט די אויגען בליקען, פֿלוצלונג האָרך: אַ לייכט,
לייכט פּיקען,
ווי ס'וואָלט שטיל, קוים הערבאַר, טיקען, טיקען ביי מיין טיר
דאָרט ווער.
„אַ באַזוך,—האָב איך געמורמעלט,—מיך באַזוכען קומט איצט ווער,
ס'איז אַ גאַסט און גאָרניט מעהר.

ס'ליגט מיר קלאָר אין זין באַהאַלטען יענע נאַכט אין ווינטער קאַלטען.
פֿון מיין פֿייערשיין געשטאַלטען אויפֿ'ן דיל געשפּרייט האָט ווער.
כ'האָב אין אַנגסט געגאַרט דעם מאָרגען, טרייסט אומזיסט ערוואָרט
צו באָרגען,
פֿון די ביכער טרייסט פֿאַר זאָרגען, פּיין און זאָרגען טיף און שווער,
נאָך דער שטראַלענדער לענאָרא'ן, נאָך לענאָרא'ן זאָרגען שווער, —
דער, וואָס אָטעמט דאָ ניט מעהר.

מילד און טרויריג האָט דער קלענסטער רויש פון פאַרהאַנג אויפ'ן
פענסטער
איבערפילט מיין האַרץ מיט שרעקען, וואָס כ'האָב
ניט געוואוסט ביזהער.
ס'זאָל מיין האַרץ נאָר שטילער שלאָגען, האָב איך דאַן
גענומען זאָגען:
„ס'האָט געבראַכט דער ווינט צו טראָגען מיר אַ שפּעטען גאַסט אַהער,
אַ פאַרשפּעטיגטער באַזוכער קלאַפּט דאָס איצט צו מיר אַהער,
ס'איז אַ גאַסט און גאָרניט מעהר".

כ'האָב פון פאַרגעפיהל פון באַנגען זיך באַפרייט און בין געגאַנגען
צו דער טיר: „פאַרצייהט מיך, ליעבע דאַמע, — זאָג איך, —
אָדער הערר!
כ'האָב געטרוימט מיט מאַטע בליקען, ווען איך האָב
דערהערט אַ פּיקען
אין דער שטיל, ווי לייכט וואָלט טיקען, טיקען ביי מיין טיר
דאָרט ווער.
קומט און זייט מיין גאַסט". דאָ עפען איך די טיר:
ווער קומט דען, ווער?
פינסטערניש און גאָרניט מעהר.

לאנג אין פינסטערניש געלויערט און געשטאַרט האָב איך,
פאַרטרויערט,
טרוימען טרוימענדיג, וואָס קיינער האָט נאָך ניט געטרוימט ביזהער.
נאָר פון חושך לערען, שטומען איז קיין צייכען ניט געקומען,
כ'האָב קיין קלאַנג מעהר ניט פאַרנומען, נאָר „לענאָרא"
טריב און שווער,
און מיין שטילען רוף אַן עכאָ האָט געבראַכט מיר טריב און שווער,
נאָר דאָס וואָרט און גאָרניט מעהר.

כ'האָב זיך אומגעקערט אין צימער, ס'האָט געברענט מיין זעל
נאָך שלימער,
ווידער הער איך דאַן אַ קלאַפּען, עטוואָס שטאַרקער ווי ביזהער.
„ס'קלאַפּט, — זאָג איך, — דער לאָדען דרויסען, פון דעם
שטורעמווינט געריסען,
כ'וועל דעם סוד געגוי באַלד וויסען, ס'איז די לעזונג גאָר ניט שווער.
זאָל מיין האַרץ אַ ווייל נאָר שטיל זיין, ס'איז די לעזונג
גאָר ניט שווער.
ס'איז דער ווינט און גאָרניט מעהר".

כ'עפען דאַן דעם פענסטער ריגעל, און מיט לייכטען רויש פון פליגעל
איז אַריין אַ ראָב אַן אַלטער מיט דעם אויסזעהן פון אַ פער.
ניט געקלערט גאָר זיך צו נייגען, אין אַ גרוס דעם קאָפּ צו בויגען,
און איז גלייך אַרויפגעפלויגען אויף אַ פּאַלאַס ביוסט אין קוועה,
אויף אַ פּאַלאַס ביוסט אין ווינקעל איבער'ן טיר געזיצט אין קוועה,
דאָרט אַרויף און גאָרניט מעהר.

אנגעקוקט מיין גאסט דארט אויבען,האָב איך שמייכלען אָנגעהויבען,
ערנסט און שטריינג אזוי זיין אויסזעהן איז געווען, זיין יעדער קעהר.
„באָטש, — זאָג איך, — ביזט גלאַט געשאָרען, האָסטו זיך
דאָ ניט פארלאָרען,
ראָב פון לאַנג פארגעסענע יאָהרען, שוואַרצער ראָב
פון נאכטיגען מער.
זאָג, וואס איז דיין שטאָלצער נאָמען אין דעם נאכטיגען
פלוטאָ'ס מער!"
און דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מעהר.

כ'האָב געוואונדערט זיך אונענדליך, ווי דער ראָב רעדט קלאָר,
פארשטענדליך,
כאָטש זיין ענטפער איז געווען פאַר מיר אַ קלאַנג נאָר זינלאָז, לער.
האט דען גאָט געקאָנט באַשערען ועמען נאָך אין לעבען שווערען,
איהם זאָל מיט באַזוך באַעהרען אין זיין הויז אַ ראָב ווי דער,
זאָל איבער זיין טיר זיך זעצען אַזאַ שוואַרצער ראָב ווי דער
מיט דעם נאָמען „קיינמאָל מעהר"?

דאָך דער ראָב זיצט אויף איין אָרט נאָר אויף דעם ביוסט און
רעדט איין וואָרט נאָר,
ווי זיין זעל מיט דעם איין וואָרט נאָר וואָלט געווען באַלאָדען שווער.
מעהר קיין קלאַנג איז ניט געקומען פון דעם ראָב, ביז כ'האָב גענומען
מורמלען שטיל אין צימער שטומען: „ווי די אַנדערע ביזהער,
מאָרגען וועל איך איהם פארלירען, ווי די האָפנונגען ביזהער".
נאָר דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מעהר.

איבערראשט בין איך געווארען פון דעם ענטפער קלוגען, קלארען.
„ס'איז קיין צווייפעל ניט,—זאג איך,—דאס ווארט נאר וויים ער
און ניט מעהר.
ס'האט זיין ווירט געמוזט דאס זאגען, ווען ס'בייזע שיקזאל יאגען
האט ניט אויפגעהערט און פלאגען, דריקען אומערבארמליך שווער,
איז זיין טרויער ליעד געווארען איין רעפרען נאר טריב און שווער:
„קיינמאל מעהר, א קיינמאל מעהר!"

שטעהענדיג אין צימער שטומען פאר דעם ראב, האב איך גענומען
שמייכלען טרוי'ריג, און א לעהנשטול האב איך צוגערוקט אהער,
האב געזעצט זיך נאכצוזינען, טרוים מיט טרוימען אנגסטליך שפינען,
צו דערפארשען, אויסגעפינען, וואס דער פויגעל אומגעפעהר—
וואס דער אלטער ראב דער פינסטערער און בייזער אומגעפעהר
מיינט דאס מיט זיין „קיינמאל מעהר".

לאנג בין איך אזוי געזעסען, זיך אין שווערען טרוים פארגעסען,
און דעם פויגעל'ס פייערדיגער בליק, מיין הארץ פארצערט האט ער.
ווידער נעם איך טרעפען, קלערען, אנגעלעהנט מיין קאפ דעם שווערען
אויפ'ן סאמעט, ווי דורך טרערען פאלט דאס בלייכע ליכט אהער.
אך, אויף דעם וויאלעטען סאמעט מיט דעם ליכט, וואס פאלט אהער,
זי וועט רוהען — קיינמאל מעהר!

פלוצלונג האָבען אין דער לופטען ווי פארשפרייט זיך
ווייריך דופטען,
אויפ'ן טעפיך לייכטע שרפים פוסטריט גרייכען מיין געהער.
„נאַר! — שריי איך, — גאָט האָט באַגליקט דיך, רוה,
פארגעסענהייט געשיקט דיר,
אין דער רוה פארגעס, פאַרוויג דיך פון דיין טרויער טיף און שווער!
טרינק, אָ טרינק דיין גאָט'ס געטראַנק, פארגעס דיין טרויער
טיף און שווער!"
נאָר דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מעהר.

„נביא,—זאָג איך,—גייסט דו ווייזער, פויגעל אָדער דעמאָן בייזער!
צי דער שטן אָדער נאָר דער שטורם האָט דיך פארוועהט אהער,
צו אַ זעל, וואָס וואַגט ניט האָפען, פון דעם שיקזאַל
שווער געטראָפען,
זאָג מיר, דרייסטער פויגעל, אָפען, זאָג מיר, נביא, און ערקלער:
איז נאָך באַלזאַם דאָ אין גלעד? זאָג מיר, נביא, און ערקלער".
און דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מעהר.

„נביא,—זאָג איך,—גייסט דו ווייזער, פויגעל אָדער דעמאָן בייזער!
איך באַשווער דיך ביי דעם הימעל, ביי דעם גאָט, וואָס איך פארעהר:
ווער מיין זעל, אין פיין פארלאָרען, זעהן נאָך צווישען שרפים כאָרען
אין גן עדן ווען לענאָרא'ן?—זאָג דער זעל געפייניגט שווער.
ווער זי ווען דאָרט זעהן לענאָרא'ן? — זאָג דער זעל
געפייניגט שווער".
נאָר דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מעהר.

„זאָל דאָס זיין דער אָבשיעדס-צייכען! — שריי איך אויס, —
זאָל מיך ניט גרייכען
מעהר דיין שטים, פאַרלאָז מיך, געה, פאַרשווינד
אין שווארצען פלוטאָ'ס מער!
זאָל דער קלאַנג פון ליגען פרעכען מעהר מיין שטילקייט
ניט פארשוועכען,
זאָל דיין בליק מיין הארץ ניט שטעכען, כ'וויל אליין זיין, ווי ביזהער!
נעם דעם שנאָבעל מיר פון הארצען, כ'וויל אליין זיין, ווי ביזהער!"
און דער ראָב זאָגט: קיינמאָל מעהר.

און ביז איצט נאָך זיצט ער, זיצט ער, און מיט זיינע אויגען בליצט ער
פון דעם בלייכען ביוסט פון פאַלאַס אויף מיין שוועל
פארוויסט און לער.
זיינע בליקען נעמען שטארען, ווי א שד אין טרוים פארלאָרען,
און פון זיין געשטאַלט געבאָרען ווערט א שאָטען ברייט און שווער.
און מיין זעל פון יענעם שאָטען, וואָס צושפּרייט זיך ברייט און שווער,
וועט ניט אויפשטעהן — קיינמאָל מעהר.

.1845

# די גלאָקען

## I

הערט דעם שליטען־גלאָקען קלאנג —
זילבער קלאנג!
וויפיעל פרייד קלינגט העל ארוים פון זאָרגלאָזען געזאנג!
ווי זיי קלינגען, קלינגען, קלינגען,
אין דעם קאלטען נאכטיגען רוים!
און די שטערען פריידיג שפרינגען,
די קריסטאָלענע שטראהלען זינגען
פון א יונגען ליעבעס טרוים;
האלטען צייט, צייט, צייט,
רונען־ריטמען פאלען ווייט
צו דעם קלינגען, וואָס דערהויבט זיך אין מעלאָדישען זינגזאנג,
צו דעם קלאנג, קלאנג, קלאנג, קלאנג,
קלאנג, קלאנג, קלאנג —
צו דעם שווינגען און דעם זינגען אין דעם קלאנג.

## II

הערט דעם הייראטס־גלאָקען קלאנג —
גאָלד'נעם קלאנג!
וויפיעל גליק קלינגט צארט פון דעם הארמאָנישען געזאנג!
דורך די דופטיגע לופט פון נאכט
ווי דאָס קלינגט און רופט און לאכט!
אַן אקאָרדען ים זיך ווינט
אויף און אָפּ,
און פון צוויביצער ליעד באַזינגט,
אין לבנה ליכט די טורטעל־טויב דאָרט בליקט,
הויבט איהר קאָפּ!
פון די זינגענדיגע צעלע
ס'אָרא שטראָם פון גאָלד'נע, פייערליכע קלאנגען וועלען!
פרייד געזאנג!
האָפנונגס קלאנג
פון דער צוקונפט'ס שנעלען גאנג,
פון דעם גליק, וואָס קומט מיט דראנג,
ביי דעם דרינגען און דעם שווינגען
פון דעם קלאנג, קלאנג, קלאנג,
פון דעם קלאנג, קלאנג, קלאנג, קלאנג
קלאנג, קלאנג, קלאנג,
ביי דעם קוועלען פון דעם העלען גאָלד'נעם קלאנג.

## III

הערט דעם פייער־גלאָקען קלאַנג —
בראָנז׳נעם קלאַנג!
ס׳אַרא שרעק געשיכטע קלינגט אין אונרוהיגען דראַנג!
אין דער ציטערענדער לופט
זייער שרייען וועקט און רופט,
צו דערשראַקען, צו זיין קלאָר,
שרייען קענען זיי איצט נאָר,
[illegible] הויך,
שרייען, רופען, בעטען ליאַרמענדיג דערבאַרמונג ביי דעם פייער,
צאַרניג, וואַנזיניג זיך קריגען מיט דעם ווילדען, טויבען פייער,
העכער אַלץ די פלאַמען שפּרינגען,
העכער אַלץ אין הימעל דרינגען
מיט פאַרצווייפלונג און פאַרלאַנגען
ענדליך, ענדליך צו דערלאַנגען
ביז צו דער לבנה אין דער הויך.
אַ דער קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג!
אַ ווי אימה׳דיג און באַנג
וועקט ער, רופט!
ווי ער שטורעמט דאָס און שלאָגט,
ווי ער שרעקט און שרייט און קלאָגט
אין דעם שוים פון דער אויפציטערענדער לופט!

דאָך דאָס אויער זיכער ווייס
נאָך דעם שלאָגען
און דעם קלאָגען,
די נעפּאָו.. איז קליין צי גרויס;
דאָך דאָס אויער דייטליך הערט
נאָך דעם רוישען
און דעם ברויזען,
ווען זי שטייגט צי שטילער ווערט,
נאָך דעם שווייגען אָדער שטייגען פון דעם צאָרן אין דעם קלאַנג,
אין דעם קלאַנג,
אין דעם קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
קלאַנג, קלאַנג, קלאַנג,
נאָך דעם שאַלען און דעם פאַלען פון דעם קלאַנג.

# IV

הערט דעם קבורה־גלאָקען קלאַנג, —
אייזען קלאַנג!
ס'אַרט וועלט מיט טרויער אין איינטאָניגען געזאַנג!
אין דעם שווייגען פון דער נאַכט
לויערט שרעק אויף אונז און וואַכט,
דורך דעם טרויער און די דראָהונג אין דעם טאָן.
יעדער קלאַנג, וואָס טרויִ'ריג פליסט,
זיך פון ראָסטיגע העלזער גיסט,
איז געוויין.
און אין טורעם דאָרט די מענער,
די וואָס קלינגען אוים די טענער,
גאָר אַליין,
די וואָס קלינגען, קלינגען, קלינגען,
אין פאַרשטיקטע מאָנאָטאָן,
און זיי פרעהט אַרויפצודרינגען
אויף אַ מענשליך האַרץ אַ שטיין,
ניט קיין מענשליכע געשטאַלטען,
גייסטער שטעהען דאָרט באַהאַלטען
זייער קעניג קלינגט דאָס, קלינגט
און ער זינגט, זינגט, זינגט,
זינגט
אַ טריאומף ליעד מיט דעם קלאַנג!

פריידיג שפרינגט זיין הארץ אין דראנג
פון דעם יובעל ליעד פון קלאנג,
שרייט און טאנצט צו דעם געזאנג;
האלטענדיג שריט, שריט,
רונען ריטמען טאנצט ער מיט
צו דעם יובעל ליעד פון קלאנג,
פון דעם קלאנג;
האלטענדיג שריט, שריט,
רונען ריטמען טאנצט ער מיט
צו דעם שלאגען פון דעם קלאנג,
פון דעם קלאנג, קלאנג, קלאנג,
צו דעם קלאגען פון דעם קלאנג;
האלטענדיג שריט, שריט
צו דעם פרעהליך ווילדען קלאנג,
טאנצט ער רונען ריטמען מיט
צו דעם שווינגען פון דעם קלאנג,
פון דעם קלאנג, קלאנג, קלאנג,
צו דעם דרינגען פון דעם קלאנג,
פון דעם קלאנג, קלאנג, קלאנג, קלאנג,
קלאנג, קלאנג, קלאנג,
צו דעם לעכצען און דעם קרעכצען פון דעם קלאנג.

.1849

# צו העלענא

(מרס ס. ה. וואַיטמאַן)

איך האב דיך איינמאל נאר געזעהן — מיט יאהרען
צוריק. עס איז געווען א נאכט אין יולי.
און פון א פולער לבנה, וואס האט, ווי דיין זעל,
הויך שוועבענדיג, א שנעלען וועג אין הימעל
געזוכט, איז שטילען שלומער איז געפאלען
אין נאכט פון ליכט א זילבער-זיידענער שלייער
אויף די געזיכטער פון א טויזענד רויזען
אין גארטען, וואס פארצויבערט איז געלעגען.
קיין ווינט האט ניט געוואגט זיך דא צו ריהרען,
סאידען גאר שטיל אויף די שפיץ פינגער טרעטען.
געפאלען איז דאס ליכט אויף יענע רויזען,
וואס האבען פאר דאס ליעבע-ליכט געגעבען
די זעלען דופטענדע אין טויט עקסטאז.
געפאלען איז דאס ליכט אויף יענע רויזען,
וואס זיינען שמייכלענדיג דארט אויסגעגאנגען
אין בייטען זייערע, פארצויבערט פון דיין צויבער
און פון דער פאעזיע, וואס שוועבט ארום דיר.

געקליידט אין ווייס, דארט נאכזינענד געשטאנען
ביזטו האלב אנגעלעהנט; פון דער לבנה
געפאלען איז דאס ליכט אויף יענע רויזען
און אויך אויף דיין געזיכט, פארהילט אין טרויער!

איז דאס געווען ניט שיקזאל יענע יולי נאכט,
ניט שיקזאל (וועמעס נאמען איז אויך טרויער),
וואס האט מיך אפגעשטעלט ביי'ם גארטען פלויט,
דעם דופט צו אטמען פון פארוויגטע רויזען?

קיין רויש: געשלאפען האט די בייזע וועלט.
נאר דו און איך. (א, הימעל, ליעבער גאט!
ווי ס'קלאפט מיין הארץ, ווען איך פאר די צוויי ווערטער!)
נאר דו און איך. איך בין געבליבען שטעהן,
און אין אן אויגענבליק איז אלץ פארשוואונדען.
(נעווען איז דאך פארצויבערט דאן דער גארטען!)

אין הימעל איז דער פערעל שיין פארגאנגען.
די רויזען בייטען און די שלאנגען וועגען,
די בלומען און די טרויעריגע בוימער —
אלץ איז פארשוואונדען: ס'איז דער רויזען דופט
פארשטארבען אין די ארעמס פון דער לופט —
נאר דו אליין — ניין, ווייניגער פון דיר:
דאס געטליכע ליכט אין דיינע טיפע אויגען.

דיין זעל אין די ארויפבליקענדע אויגען,
כ'האָב זיי געזעהן נאָר — ס'איז געווען מיין וועלט!
כ'האָב זיי געזעהן נאָר — זיי נאָר שעה'ן לאַנג,
נאָר זיי, ביז די לבנה איז פארגאַנגען.
אַ, וועלכע צויבער זאָגען זיינען דאָרט פארשריבען
אויף יענע הימעלשע, קריסטאַלענע ספערען!
אַ וועה — ווי טיף! אַ האָפנונג — ווי ערהאַבען!
אַ ים פון שטאָלץ — ווי שווייגענדיג און קלאָר!
אַ שטרעבען — ווי געוואָגט! און דאָך די טיפע
די אבגרונד טיפע פעהיגקייט צו ליעבען!

דאָך ענדליך האָט דיאַנאַ זיך פארבאָרגען
אין וועסט, ווייט אין אַ ווייכען וואָלקען-בעט.
און דו, אַ גייסט, ביזט ביסלעכווייז פארשוואונדען.
געבליבען זיינען נאָר די אויגען דיינע.
זיי שטראַלען אייביג, קענען ניט פארשווינדען.
אין וועג אין איינזאַמען מיר האָבען זיי
געלויכטען יענע נאַכט, און האָבען מיך
זינט דאַן (ווי האָפנונגען) מעהר ניט פארלאָזען.
זיי פיהרען מיך זינט דאַן דורך מיינע יאָהרען.
זיי זיינען פריסטער — איך בין זייער קנעכט.
ס'איז זייער ווערק צו לויכטען, און מיין פליכט
ערלייזט צו ווערען דורך דאָס ריינע ליכט,
געלייטערט ווערען אין דעם העלען פלאַם,

געהייליגט ווערען אין גן עדן פלאַם.
זיי פילען מיך מיט שעהנהייט (זי איז האָפנונג)
איך קניה פאַר זיי, די שטערען אין מיין הימעל
אין טרויעריגער וואַך פון מיינע נעכט.
און אויך אין העלען שיין פון מיטען טאָג
קען איך זיי זעהן — צוויי זיסע, פינקלענדיגע
ווענוסעס, ניט פאַרלאַשען פון דער זון.

.1848

# אַנאַבעל ליע

לאַנג, לאַנג צוריק, אין אַ ווייטען לאַנד,
ביי אַ ים געלעבט האָט זי,
מיין מיידעל, זי זאָל אייך זיין באַקאַנט
מיט דעם נאָמען אַ נ אַ ב ע ל ל י ע.
און געלעבט האָט זי מיט ליעבע נאָר,
און מיך געליעבט האָט זי.

צוויי קינדער זיינען מיר נאָך געווען,
צוויי קינדער, איך און זי,
דאָך געליעבט האָבען מיר מיט מעהר ווי ליעבע,
איך און מיין אַנאַבעל ליע.
און מיט קנאה די שרפים האָבען געזעהן,
ווי מיר ליעבען, איך און זי.

און אט פארוואס לאנג, לאנג צוריק,
איך וויים ניט ווען און ווי,
פון א וואלקען ארוים איז א ווינט און פארקיהלט
מיין שעהנע אנאבעל ליע.
און איהרע עדעלע קרובים פון מיר
האבען אוועקגערויבט זי,
און אין א קבר איינגעשלאסען
מיין שעהנע אנאבעל ליע.

מיט קנאה די שרפים, ניט האלב אזוי גליקליך,
נעזעהן האבען מיך און זי.
יע, אט פארוואס דאס איז געשעהן,
איך וויים ניט ווען און ווי,
אז א ווינט איז פון א וואלקען ארוים
און פארקיהלט און געטויט מיין אנאבעל ליע.

דאך שטארקער מיר האבען געליעבט, ווי די,
וואס זיינען פיעל עלטער געווען ווי מיר,
וואס זיינען פיעל קליגער געווען ווי מיר.
און ניט אין די הימלען הויך די מלאכים,
און ניט אין דעם אפגרונד פון ים די שדים
צושיידען קענען ווען מיך און זי,
מיין זעל און די זעל פון מיין אנאבעל ליע.

דער לבנה שיין וויגט אין טרוימען מיך איין
פון מיין שעהנער אנאבעל ליע.
אין דעם שטערען ליכט זעה איך קלאָר דאָס געזיכט
פון מיין שעהנער אנאבעל ליע.
קומט פון אוועגד די צייט, לעג איך זיך ביי דער זייט
פון מיין ליעבער, מיין לעבען, מיין כלה, מיין פרייד,—
ביי דעם זינגענדען ים זעה איך זי,
אין איהר קבר דאָן זעה איך זי.

1849

## צו פ ——

(פרענסעס סארדזשענט אסגוד)

וואו ס׳געהט מיין וועג נאר קליין און שמאל,
געליעבטע, צווישען וועה און פיין
(מיין טריבער וועג, וואו ס׳האט קיינמאל
ניט אויפגעבליהט קיין העלער שטראל),
לויכט פון איין טרייסט מיר נאר דער שיין,
דער טרוים פון דיר ברענגט אלעמאל
מיר רוה פון ערן׳ס טאל.

אז אינזעל גרין, פארצויבערט, ווייט
איז אין מיין הארצען דיין געשטאלט.
ארום דער ים איז טיף און ברייט,
אין צארן מיט ווינט און וואלקענס שטרייט, —
דער אינזעל נאר אינמיטען שטראלט,
און פון דער הויך צו יעדער צייט
דעם קלארען הימעל׳ס שמייכעל פאלט.

1835—1845

## צו פרענסעס ס. אָסגוד

דיין הארץ נאך ליעבע בענקט ? — דיין וועג
פארלאז ניט דורך דיין לעבען.
זיי וואס דו ביזט דורך דיינע טעג,
זאלסט אנדערש זיין ניט שטרעבען.
ביזט צארט און מילד און מעהר ווי שעהן,
וועט דיך די וועלט באעהרען,
וועט לויכטען ווייט ארום דיין חן,
וועט ליעבע איינפאך ווערען.

1835—1845

## יולאַליע

כ'האָב געלעבט אַליין
אין אַ וועלט פון פיין
און קראַנק אין זעל און לייב,
ביז די שעהנע און מילדע יולאַליע איז געוואָרען מיין
שעמעוודיג ווייב,
ביז די בלאָנדע און יונגע יולאַליע איז געוואָרען מיין
שמייכלענדיג ווייב.

אָה, קיין שטערן גאָר,
שיינט ניט אַזוי קלאָר,
ווי דאָס אויג פון מיין ליעבער שטראַלט.
און ניט אַזוי שעהן
איז אַ וואָלקענדעל קליין,
פון לבנה ליכט באַשטראַלט,
ווי שעהן אַ לאָק פון דער שטילער יולאַליע גלייכגילטיג פאַלט,
ווי שעהן אַ לאָק פון דער שטראַלענדער יולאַליע באַשיידען פאַלט.

איצט צווייפעל און פיין
מיט אונז קענען ניט זיין,
דען אַ זעל צו אַ זעל דאָ שטרעבט.
און טאָג אויס — טאָג איין
פאַלט אויף אונז דער שיין
פון אַסטאַרטאַ, וואָס אין הימעל שוועבט,
און אַרויף צו איהר איהר מוטערליך אויג די ליעבע יולאַליע הויבט,
און אַרויף צו איהר איהר פיילבען אויג די יונגע יולאַליע הויבט.

1845

# צו מ. ל. ס.

## (מרס. מאריא לואיז שיו)

פון די, וואס דיך באגריסען ווי דעם מארגען,
פאר וועמען נאכט איז, ווען דו ביזט נימא,
פאר וועמען דאן די זון פארשווינדט פון הימעל,
דאס הייליגע ליכט: וואס ווייגענדיג דיך בענשען
אונאויפהערליך פאר האפנונג, לעבען און
פאר טיף באגראבענעם און באלעבטען גלויבען
אין אמת, טוגענד און אין מענשליכקייט;
פון די, וואס ליגען אין פארצווייפלונגס בעט,
צו שטארבען גרייט, און שטעהען פלוצלונג אויף
ביי דיינע מילדע ווערטער: „זאל זיין ליכט!"
די מילדע ווערטער ווערען באלד פארווירקליכט
אין ריינעם שרפים בליק פון דיינע אויגען;
פון די, וואס דאנקען דיך, און דאנקבארקייט
שטיינט ביז פארגעטערונג, — געדענק, געדענק
דעם טרייסטען, דעם ערגעבענסטען פון זיי.
ער האט די שוואכע ווערטער דאס געשריבען
און שרייבענדיג, געציטערט, וויל ער וויים,
עס רעדט זיין זעל דא צו א מלאך'ס זעל.

.1847

# צוּ — — (מאַריע לואיז)

## (מהם. מאַריע לואיז שין)

ניט לאַנג צוריק האָב איך געוואָלט צו זאָגען,
אין אייט׳לער איבערראשונג פון פאַרשטאַנד,
אַז אונבאַזיעגבאַר איז „די מאַכט פון ווערטער“,
אַז ס׳קען ניט קיין געדאַנק זיין אין געהירן,
וואָס זאָל צו שווער זיין פאַר דער צונג פון מענשען.
און ווי אין שפּאָט אויף מיין באַריהמען זיך,
געריהרט זיך האָבען אין מיין האַרצען׳ס אָפּגרונד
צוויי ווערטער — ווייך, צווייזילביג, איטאַליעניש —
וואָס נאָר מלאכים מורמלען אין אַ טרוים
אין לבנה שיין, אין „טוי, וואָס הענגט ווי פּערעל
געשנירט אין קייטען אויף דעם חרמון באַרג“; —
געדאַנקען אונגעדאַכטע, פון געדאַנקען
די זעלען; וויזיאָנען רייכערע
און געטליכערע נאָך פון די, וואָס איזראַפעל
דער שרף, מיט דער ליעבסטער שטים באַשאַנקען,
וואָלט נאָר געקענט אַרויסברענגען. און איך!
די פעדער פאַלט פון מיין אונמעכטיגער האַנט.

כאטש דו באפעהלסט מיר, קען איך דאך ניט שרייבען,
ווען כ'האב דיין ליעבען נאמען פאר א טעקסט.
איך קען ניט שרייבען, קען ניט רעדען, דענקען.
איך קען ניט פיהלען, ווייל ניט פיהלען איז דאס שטעהן
באוועגלאז אויף דער גאלד'נער שוועל פון טרוימען,
פארצויבערט שטארען טיף אראפ אין אפגרונד,
און ציטערען, זעהענדיג פון רעכטס און לינקס,
און אויבען, און פאר זיך, ווייט, ווייט ארום,
צווישען א פורפור נעבעל, צו דעם ארט,
וואו ענדליך ווערט מיין בליק אין רוים פארלארען, —
נ א ר ד י ך א ל י י ן.

1848

# צו דער וואָס איז אין גן עדן

פון מיינע שעהנע טרוימען
ביזטו געוועזן א בילד,
א שריין אין וויטע רוימען,
אַן אינזעל גרין און מילד,
אין בלומען — מיינע בלומען —
אין טרוימען איינגעהילט.

א טרוים צו שעהן און העל,
א טרוים צו ליעב און צארט, —
ער איז פארגאנגען שנעל!
דער צוקונפט׳ס שטים איז הארט:
„געה ווייטער!“ — נאר מיין זעל
ביי׳ם חלום שעהן און העל
שוועבט אום און שטארט און ווארט.

ווייל ס׳לויכט מיין ליכט פון לעבען
ניט מעהר! („ניט מעהר!" — דער מער
ביי׳ם ברעג זינגט וויסט און לער)
עס וועט דער בוים ניט לעבען,
פון בליץ געטראָפען שווער!
טויט איז דער אָדלער — שוועבען
אין הויך וועט ער ניט מעהר!

און ס׳פליהען טעג אין טראַנסען,
די נעכט א טרוים מיר הייט —
וואו דיינע אויגען גלאַנצען,
וואו ס׳זיננען דיינע טריט
און לייכט אין עטער טאַנצען,
וואו טויט קומט קיינמאָל ניט.

1835

# דאָס קאָליזעאום

סימוואָל פון אַלטען רוים! רעליקוויען שראַנק
פון די ערהאַבענע באַטראַכטונגען,
ירושה פון אַ צייט פון מאַכט און לוקסוס!
איך זעה דיך ענדליך נאָך אַזוי פיעל טעג
פון וואַנדערען אין ברענענדיגער דורשט
(דורשט נאָך דיין קוואַל פון וויסען, וואָס דאָ פליסט)
איך קניה, אַן אַנדערער, אַ נידריגער,
דאָ אין דיין שאָטען, און עס טרינקט מיין זעל
דיין גרויסקייט און דיין וועה, דיין רוהם און טרוים!

אונענדליכקייט! און דאָס פאַרגאַנגענע!
שווייגען! פאַרצווייפלונג! און די טיפע נאַכט!
איך פיהל אייך איצט אין אייער גרויסער מאַכט.
אַ צויבער שטאַרקער פיעל פון דעם, וואָס ס'האָט
געפּיהלט אַמאָל דער קעניג פון יהודה!
פיעל מעכטיגער פון דעם, וואָס די כאַלדעער
געצויגען האָבען פון דעם שטערען הימעל!

דא פאלט א זייל, וואו ס'איז א העלד געפאלען!
דארט, וואו א גאלד'נער אדלער האט געגלאנצט,
א פלעדערמויז האלט איצט אין נאכט איהר וואך!
און וואו דער ווינט אמאל האט ביי די דאמען
צובלאזען זיי'רע גאלד געפארבטע האר,
דארט שאקלען זיך נאר ווילדע גראז און רויר!
וואו אויף זיין גאלד'נעם טראן דער אימפעראטאר
געזעסען איז, לויפט שנעל און שוויגענדיג
א שופענטיער איצט אין זיין מארמאר היים
אין נאכט, באלויכטעו קוים פון דער לבנה!

א װענט, א מאך־באוואקסענע ארקאדען,
אין שימעל פערעסטאלען און קאלאנען,
אונקלארע זיילענקעפ, צוטרייסעלטע
און האלב צושטערטע פריזען און קארניזען!
רואינען, גרויע שטיינער, — איז דאס אל ץ?
אלץ פון דעם רוהמרייכען און קאלאסאלען,
וואס ס'האבען דא די שעה'ן די צושטערער
פאר מיר און פאר דעם שיקזאל נאר געשוינט?

„ניט אלץ, — אן עכא ענטפערט מיר, — ניט אלץ!
פראפעטען־שטימען אייביג פאר די ווייזע
פון אונז, רואינען, קלינגען הויך און קלאר,
ווי צו דער זון פון מעמנאן'ס שטיין די הימנען,

די מעכטינסטע אונז זיינען אונטערוואָרפען,
מיר הערשען איבער אַלע ריזען גייסטער.
מיר, גרויע שטיינער, זיינען ניט אונמעכטיג.
ניט אונזער גאַנצע קראַפט איז נאָך פאַרשוואונדען,
ניט אונזער גאַנצער צויבער איז פאַרגאַנגען,
ניט יעדע וואונדער קראַפט, וואָס ארום אונז,
ניט יעדער סוד, וואָס איז אין אונז פאַרבאָרגען,
ניט די עראינערונג, וואָס הענגט אויף אונז,
באַציערט אונז און באַקליידט אין מעהר ווי רוהם."

1833

# דער פאַר׳כשופ׳טער פּאַלאַץ

אינמיטען פון א טאָל א גרינעם,
פון שרפים ליכטיגע באוואוינט,
א פאלאץ הויכען, שטאלצען, שעהנעם
האט ווען א שטראלען־שיין געקרוינט.
און ס׳איז געווען אין רייך פון שטראלען
דער האר — געדאנק.
נאך איז קיין שרף־בליק געפאלען
אויף אזא פאלאץ שעהן און שלאנק.

און ס׳זיינען אויפ׳ן דאך געהאנגען
און האבען אין דער לופט געוועהט
פאהנען פון גאלד אויף געלע שטאנגען
(פארגעסען לאנג איז יענע צייט!)
האט א זעפיר אהין פארטראגען
אין בלויער לופט,
פון שלאס האט ער אוועקגעטראגען
א צארטען, צויבערליכען דופט.

און דורך די לויכטענדיגע פענסטער
פאַרנומען האָט אַ וואַנדערער׳ס בליק,
ווי ס׳האָבען זיך באַוועגט געשפּענסטער
צום שטרענגען ריטם פון מוזיק.
אַרום אַ טראָן די גייסטער שוועבען.
אין פורפור קרוין,
אין גלאַנץ און רוהם דאָרט זיצט דערהויבען
דער האַר פון קעניגרייך אַליין.

רובין און פּעריל שיין באַגאָסען
האָט דאָרט דעם הערליכען פּאָרטאַל.
און פריה און שפּעט איז אַלץ געפלאָסען
אַ מחנה עכאָס פון דעם זאַל.
און הערליך האָט אין רוים געקלונגען
דער שטילער כאָר.
זיי האָבען פריה און שפּעט באַזונגען
די ווייזהייט פון דעם קעניג נאָר.

דאָך גייסטער פיעל פון בייז און זאָרגען
באַפאַלען זיינען יענעם טאָל.
(אַ וועה! אַ וועה! עס וועט דער מאָרגען
ניט אויפגעהן אויף דעם לאַנד קיינמאָל!)

דער שלאָס, וואָס איז אַ טרוים געוועזן
פון הערליכקייט,
איז איצט אַ זאַנג האַלב פאַרגעסעי
פון אַן אומדערנקליך אַלטער צייט

איצט, דורך די רויט־באַשיינטע פענסטער
דאָרט שוועבן פאַר דעם וואַנדערער'ס בליק,
אַ רייה פאַנטאַסטישע געשפּענסטער
צום טאַקט פון גרילצענדער מוזיק.
און ס'געהען פון דעם טויער בלייכע
מיט לייכטע טריט
געשטאַלטען פינסטערע און לאַכן —
זיי שמייכלען קיינמאָל נים.

1839

## דער וואָרים דער עראָבערער

א גרויסער פעסט געגעבען וועלט
אין איינזאמקייט פון צייט.
פארדעקט, פארטרויערט און פארטרערט
מלאכים זיצען גרייט.
פון האפנונג און פון שרעק א שפיעל
געהט אן פאר זייער בליק,
און דער ארקעסטער אטעמט שטיל
פון ספערען די מוזיק.

און מורמלענדיג וואס אין דער שטיל,
פאיאצען פיעל אין גאט'ס געשטאלט,
הער־היז זיך דרעהען אין דעם שפיעל.
א מחנה שאטענס זיי באפאלט
און פיהרט זיי, דרעהט די ביהנע אום
ביי יעדען ווינקעל, ברעט און שפאלט,
פון זיי'רע פליגלען פייערליך־שטום
אומזיכבאר אומגליק פאלט.

משונה'דיג די דראמא! קענסט
פארגעסען זי? — א, קיינמאל ניט!
מען יאגט נאך אייביג א געשפענסט,
מען כאפט איהם קיינמאל ניט.
און אין א רינג געשווינד, געשווינד,
אלץ פליהט ער אום און פליהט.
פיעל וואהנזין דא, און נאך מעהר זינד,
און שרעק אויף יעדען טריט.

א קריכיג, רויט באשעפעניש
קומט, דרעהענדיג זיך פויל,
א ווארים קומט פון פינסטערניש
אינמיטען דעם פאיאצען־קנויל.
ער דרעהט זיך, גראבט איין דורשטיג־ווילד
אין זיי זיין העסליך מויל,
די שרפים וויינען ביי דעם בילד
און שוידערען פאר גרויל.

און באלד דער שיין פארלאשען ווערט,
אויף יעדער אנגסטליכער געשטאלט
א טויט־קלייד פלאטערט, צו דער ערד
מיט א גערויש דער פארהאנג פאלט.

די שרפים אין דער לופטיגער שטיל
ערקלערען, בלייכע, פאַר דער וועלט,
אַז „לענאָר" הייסט דער טרויער־שפּיל,
דער וואָרים איז דער העלד.

1843

# שווייגען

פאראַן אַזעלכע אונפערלייבטע קרעפטען,
אין זיי אַ דאָפּעלט לעבען זיך באַווייזט:
אַ בילד פון זאַכען צוויי, וואָס זיך באַהעפטען
פון שטאָף און ליכט אין קערפּער און אין גייסט.
פאראַן אַ צווייפאַך שווייגען — ברעג און מער —
קערפּער און זעל. וואוינט איינער אויף אַן אָרט,
באַדעקט מיט יונגען גראָז; אַ פייערליך וואָרט,
אַ מענשליכע עראינערונג טריב און שווער
מאַכט פורכטלאָז איהם: זיין נאָמען איז „ניט מעהר".
ער איז פאראייניגט שווייגען: פורכט איהם ניט!
ער האָט קיין קראַפט פון בייז אין זיך אַליין;
דאָך זאָלען ווען דיך פיהרען דיינע טריט
פאַרביי זיין שאָטען נאָר (אַ טייוועל קליין,
וואָס וואוינט, וואו קיינמאָל ניט געטראָטען האָט
קיין פוס פון מענש), דאַן זאָל דיר העלפען גאָט!

1840

# אַ הימן

באַגין, בייטאָג, ווען טונקעל ווערט,
ביינאַכט האָסטו מיין הימן געהערט!
ווען שטאַרק, ווען שלאַף, אין פרייד און פּיין
מיט מיר, מאַריאַ, זאָלסטו זיין!
ווען שעה'ן פליהען העל פאַרביי,
דער הימעל איז פון וואָלקענס פריי,
כ'בין זיכער אין דיין שוץ און וואַך,
דו פיהרסט מיין האַרץ פאַרבלענדט און שוואַך.
איצט ווען דאָס שיקזאַל פּיין מיר ברענגט,
און איבער מיר אַ נעבעל הענגט,
מיין צוקונפט, קעניגין, זאָל זיין
באַלויכטען מיט דיין האָפנונג'ס שיין.

1835

# יולאלום

אשיג גרוי איז געווען דאן דער הימעל,
די בלעטער — געדארט אהן קיין ריהר,
געוועלקט, ניט געטאן זיך קיין ריהר,
ס'איז געווען אין א נאכט אין אקטאבער,
פון א יאהר גאר אומדענקליך פאר מיר,
ס'איז געווען ביי דעם וואסער פון אובער,
אין דער נעבליגער געגענד פון וויער,
ביי די טונקעלע זומפען פון אובער,
אין געשפענסטפולען וואלדלאנד פון וויער.

דורך ציפרעסען, שטומע טיטאנען,
געוואנדערט האב איך מיט מיין זעל,
געוואנדערט מיט פסיכעע, מיין זעל.
כ'האב געטראגען אין הארצען וואולקאנען,
ווי די טייכען, וואס קייקלען זיך שנעל,
ווי די לאוואס, וואס ווארפען זיך שנעל
אין א שוועבליגען שטראם פון דעם יאנעק,
אין פארווארפענסטער געגענד ביים פאל,
וואס פאלען אראפ פון בארג יאנעק
מיט גערויש ביי דעם נארדליכען פאל.

אונז׳רע רייד זענען ערנסט געווארען,
די געדאנקען — פארגליווערט און שטאר,
די זכרונות — פארדעטעריש און שטאר,
ניט געקלערט האבען מיר פון אקטאבער,
ניט פארצייכענט די נאכט פון דעם יאהר
(די נאכט פון אלע נעכט פון דעם יאהר!)
פארגעסען דאס וואסער פון אובער
(כאטש געווען דא אמאל זענען מיר),
ניט געדענקט גאר די זומפען פון אובער,
נישט דאס גייסטערפולע וואלדלאנד פון וויער.

אז די נאכט איז שוין אלט און פארלארען,
האבען מיר אן די שטערען דערקענט.
און די נאכט האט א שימער געבארען,
וואס האט העל זיך אין נעבעל צוברענט.
און ארויס מיט א דאפעלטען הארען
איז א וואונדערליך שעהנער קרעסצענט,
אזוי קלאר מיט א דאפעלטען הארען,
אסטארטא׳ס בריליאנטענער קרעסצענט.

„קאן דיאנא אזוי ווארעם דען ווערען? —
זאג איך, — דורך א זיפצען־מער
שוועבט זי, — דורך א זיפצען־מער,

און געזעהן האט זי — אונזערע טרערען
פארטריקענען װעלען ניט מעהר,
קומט זי איצט דורך דעם לייב׳ם העלע שטערען
און ברענגט אונז די הימלען אהער,
און ברענגט לעטע׳ם פרידען אהער.
טראָץ דעם לייב, קומט זי דורך זיינע שטערען
און איהר ליכט אונז ברענגט זי אהער,
דורך זיין רוה־אָרט, דורך זיינע שטערען,
און איהר ליעבע אונז ברענגט זי אהער.״

נאר פסיכעע הױבט אויף אין א װאָרנונג
איהר פינגער: „איך גלויב ניט דעם שיין,
יענעם בלייכען, פארפיהרערישען שיין,
אַ, אנטלויף, דען מיר זענען פארלאָרען,
מיר טאָרען ניט, מיר טאָרען דאָ ניט זיין,״
און טרויריג איהר שטים איז געוואָרען.
כ׳האָב געהערט אין איהר טרערען און פיין,
און איהר פליגעל איז געהאנגען פארלאָרען,
די פעדערען אויף שטויב און אויף שטיין,
אזוי טרויריג אויף שטויב און אויף שטיין.

כ׳האָב געזאגט: „ניין, אומזיסט דיין מיסטרויען,
לאָמיר געהן, פון דעם שימער באוואכט,
פון קריסטאלענעם ליכט דאָ באוואכט,

זיין סיבילישער פּראַכט זיך פּאַרטרויען
מיט שעהנהייט און האָפנונג היינט נאַכט:
זעה — עס פלאַמט צו דעם הימעל אין נאַכט!
מיר מעגען דעם שיין זיכער טרויען,
ער פיהרט אונז און ליכט און באַוואַכט,
מיר מעגען דעם שימער דאָ טרויען,
זיכער פיהרט ער און ליכט און באַוואַכט,
דען ער פלאַמט צו דעם הימעל אין נאַכט.״

כ׳האָב באַרוהיגט פּסיכעע און געקושט זי,
ביז ס׳האָט האָפנונג געלויכטען אַרום,
מעהר האָפנונג און גלויבען אַרום.
נאָר דאָ, ביי דעם סוף פון דער וויסטאַ,
שטעהט אַ שטיינערנע טיר פאַר אונז שטום,
פון אַ קבר אַ טיר שטעהט אויף שטום.
כ׳פרעג: „וואָס איז געשריבען דען, שוועסטער,
אויף דער טיר, וואָס דאָ שטעהט פאַר אונז שטום?״
און זי זאָגט: „יולאַלום, יולאַלום,
ס׳איז דער קבר פון דיין יולאַלום!״

און מיין האַרץ איז דאַן אַשיג געוואָרען,
ווי די בלעטער פאַרטריקענט און דאַר,
ווי די בלעטער געקרויזט, געל און דאַר.
איך שריי אויס: „געווען איז אָקטאָבער,

ווען אין ד ע ר נאכט צוריק מיט א יאָהר
געקומען ביז איך דאָך אהער,
א לאָסט דאָך געטראָגן אהער!
אָ, נאכט פון אלע נעכט פון דעם יאָהר!
וועלכער שד האָט געבראכט מיך אהער?
איצט גערענק איך דאָס וואסער פון אָובער,
די נעבליגע געגענד פון וויער,
איצט גערענק איך די זומפען פון אָובער,
דאָס געשפענסטפולע וואלדלאנד פון וויער.“

1849

# פאַר עני'ן *)

דאַנק גאָט! די געפאהר איז
שוין איצטער פאַרביי,
איך בין פון דער קראַנקהייט
דער לאנגזאמער פריי,
איך בין פון דעם פיבער —
פון לעבען — שוין פריי.

איך ווייס, ס'זענען קרעפטען
געבליבען נים פיעל,
קיין ריהר, אויסגעצויגען
אין בעט ליג איך שטיל.
אַלץ איינס! — מיר איז בעסער
צו ליגען דאָ שטיל.

איך ליג אַזוי רוהיג,
גערעטעט פון נויט,
עס קאָן אַ באַזוכער
נאָך מיינען, כ'בין טויט,
מיט שרעק אויף מיר קוקען
און מיינען, כ'בין טויט.

---

*) מרס. עני ריטשמאָנד פון לאועל, מאַס.

דאָס עכצען און קרעכצען,
דאָס יאָמערען, קלאָגען
איז איצט שוין פאַרביי,
מיט'ן שרעקליכען שלאָגען
אין הארצען — דעם שרעקליכען,
שרעקליכען שלאָגען.

די קראַנקהייט, דער איבעל
צו אלץ אויף דער ערד
פאַרביי איז מיט'ן פיבער,
וואָס האָט מיך פאַרצערט,
מיט'ן פיבער פון לעבען,
וואָס האָט מיך פאַרצערט.

דער פיין, וואָס האָט שטענדיג
געקוועלט מיר מיין ברוסט,
פאַרביי איז — דער בייזער,
אומשטילבארער דורשט
נאָך די אייביגע קוואלען
פון אייביגער לוסט :
כ'האָב פון וואסער געטרונקען,
וואָס שטילט יעדען דורשט.

פון א וואסער, וואָס פליסט
מיט א מורמלענדען קלאַנג,

פון א קוואַל, וואָס פאַרשלעפּערט
מיט צויבער געזאַנג,
ניט טיף אונטער דער ערד
קלינגט זיין צויבער געזאַנג.

אך, קיין מענש זאָל נאַריש
ניט זאָגען קיינמאָל,
אַז מיין צימער איז פינסטער,
מיין בעט איז צו שמאָל;
ס'האָט קיינער ניט אַנדערש
געשלאָפען קיינמאָל —
ס'איז דאָס בעט, וואָס צו שלאָפען
מען דאַרף אַלעמאָל.

דאָ קאָן מיין נשמה
מיט אומרוה זיך שיידען,
פאַרגעסט און באַדויערט ניט
רויזען און פריידען,
די אַמאָליגע מירטען
און רויזען און פריידען.

דען רוהיג מיין זעל איז,
און ס'שוועבט אין דער לופט
פון ליעבליכע פיילכען
דער הייליגער דופט.

פון ראזמאַרין, ראָוט
אוּן פון פיילכען דער דופט,
פון דער בלום פון פאַרצייהונג
און פיילכען דער דופט.

און גליקליך מיין זעל איז,
אין טרוימען פארזונקען,
מיט דעם ליכט און דער שעהנהייט
פון עני'ן באטרונקען,
מיט די הערליכע לאָקען
פון עני'ן באטרונקען.

מיט ליעבע געגלעט מיך
האָט זי און געקושט,
געפאלען אין שלומער
בין איך אויף איהר ברוסט,
טיף צו זינקען אין טרוים
פון איהר הימעלשער ברוסט.

אין דער פינסטער האָט זי
איינגעדעקט מיך און היים
צו די שרפים געבעטען,
מיך צו היטען פון בייז,
צו דער קעניגין פון שרפים,
מיך צו שירמען פון בייז.

און איך ליג אזוי רוהיג,
געראַטעוועט פון נויט
(און איך ווייס פון איהר ליעבע),
אַז איהר מיינט, איך בין טויט —
און איך רוה אזוי גליקליך,
געראַטעוועט פון נויט
(אין מיין הארצען איהר ליעבע),
אַז איהר מיינט, איך בין טויט,
אַז מיט שרעק קוקט איהר אַן מיך
און מיינט, איך בין טויט.

דאָך קיין שטערן אין הימעל
העלער שיינט קיינמאָל ניט,
ווי מיין הארץ מיט מיין עני'ן
שטראַלט אייביג און גליהט,
מיט דעם ליכט פון איהר ליעבע
שטראַלט אייביג און גליהט,
מיט געדאַנק פון דעם ליכט
פון איהר אויג אייביג גליהט.

1849

# די שטאָדט אין ים

אין אַ פאַראײנזאמט וויסטער שטאָדט
דער טויט א טראָן געשטעלט זיך האָט
ווייט אונטער דעם וויסט'ם טונקלען גלוט,
וואו אלץ וואס איז שלעכט און אלץ וואס איז גוט
אויף אייביג לאנג בארוהיגט רוהט.
די טורעמס, פּאַלאצען, אַלטאַרען
(וואס ציטערען מעהר ניט, צופרעסען פון צייט!),
אַז אויסזעהן האָבען א זונדערבארען.
פון ווינט פארגעסען, ליגען ווייט
צושפּרייט די וואסערען ארום,
באוועגלאָז, טרויעריג און שטום.

קיין הימעלס שטראל באלויכטען האָט
די לאנגע נאכט פון יענער שטאָדט;
דאָך ליכט פון'ם פורפור ים געהט אויף
און שטראָמט דורך טורעמס שטיל ארויף
און אויף די שפּיצען הויך שיינט אויף,
אויף קירכען, קעניגליכע זאלען,
אויף בבל וועגט און קאטעדראלען,
אויף לאנג פארגעסענע שטיינערנע פּלאַנצען,

פון שטיין געפארמטע בלומען־קראנצען.
אויף ניט איין אלטען אפערשטיין,
ארומגעקראנצט מיט פריזען שעהן,
פול מיט וויאלען און מיט וויין.

אונטער'ן הימעל באוועגלאז, שטום
ליגען די וואסערען ארום.
די טורעמס און שאטענס אין נעבעל־דופט,
ווי ס'וואלט געהאנגען אלץ אין לופט.
און פון א שטאלצען טורעם, וואס שטעהט
אינמיטען, קוקט אראפ דער טויט.

און אפענע טעמפלען און קברים־הייהלען
גענעצען גלייך מיט די לויכטענדע וועלען.
דאך ניט דאס רייכטום, וואס דארט ליגט
ביי יעדען געץ'ס דימענטענעם בליק,
ניט דער רייך־באצירטער טויט קאן באוועגען
די וואסערען שטארע זיך צו רעגען,
קיין וועל געהט ניט אויף און קיין זאך פליסט
קיינמאל ניט דורך די גלעזערנע וויסט.
קיין הויך דערצעהלט ניט, אז פאראן
איז וואו א גליקליכערער ים,
אז ס'קאנען זיין וואו וואסערען גאר
ניט אזוי שוידערהאפטיג קלאר,

נאר מיט אמאל די לופט זיך רעגט,
א וועל פון עפעס איז באוועגט,
ווי ס'וואלטען די טורעמס זיך אונטערגעבויגען
און רעכטס און לינקס דאס וואסער געצויגען,
און ס'וואלטען זייערע שפיצען געצייכענט
א לערקייט אויבען אין הימעל אין בלייכען.
א רויטליכער גלוט פליסט אין וואסער אריין,
די שעה'ן האלטען דעם אטעם איין.
און ווען עס קומט אהן רויש ארויף
איבער די שטאדט די וואסער וויסט,
פון טויזענט טראגען די שטאדט נעמט אויף
דער גיהנום און באגריסט.

1845

# די שלאָפּענדע

אין יוני אין מיטען נאַכט אַליין,
שטעה איך אין מיסטיש־ווייסען שיין.
אַ טויאיגער נעבעל אָטעמט קוים
פון דער לבנה׳ס גאָלדענעם זוים.
און טריפט אַלץ, טריפט אַלץ זאַנפט און זאַכט
אויף שטילע בערג־שפּיצען אין נאַכט,
און ווי אַ שלאָף־ליעד רוהיג פאַלט
אין טאָל פון ווייסען שיין באַשטראַלט.
ביים קבר רוהט דער ראָזמארין,
די ליליע ווינגט זיך הער און הין.
אין נעבעל איינגעהילט ארום
פוילט די רואין, שטעהט רוהיג, שטום.
ווי לעטע זעהט, אין טיפען שלאָף,
דאַס וואסער אוים, און ס׳דארף קיין סוף
ניט נעמען צו זיין טיפען שלאָף.
אין שלומער גאָר די שעהנהייט ליגט...
איהר פענסטער אָפען, אירענא ליגט,
שלאָפט פון איהר שיקזאל איינגעוויגט!

א, הערליכסטע! ווי אומגעראכט —
דיין פענסטער אפען אין דער נאכט?
דער שפאט פון ווינט, אין לבנה־שיין,
צו דיר אין פענסטער פאלט אריין,
מכשפות פיעל, א מחנה גרוים,
קומען אין צימער און ארוים,
זיי שאקלען, וועהען הער און הין
ביים בעט דעם בונטען באלדאכין
איבער'ן דעק, וואס ליגט פארמאכט,
וואו ס'שלאפט דיין זעל אין אייביגער נאכט,
און אויפ'ן דיל און ביי דער וואנט
די שאטענס ציטערען נאכאנאנד.

א, שענסטע! שרעקסטו דיך נישט ווען?
פארוואס און וואס דא טרוימסטו דען?
געווים, געקומען ביסט אהער,
א וואונדער, פון א ווייטען מער!
ביסט בלייך און זונדערבאר געקליידט,
די האר צוואווארפען לאנג און ברייט,
ארום — א שטילע פייערליכקייט.

די דאמע שלאפט. ווי לאנג זי רוהט,
זאל אויך איהר שלאף זיין טיף און גוט,
באוואר זי, הימעל, וואו זי רוהט!

אַ ציטער וואָרט נאָך הייליגער,
אַ בעט פאַר איהר — נאָך טרויריגער.
אַ, גאָט, דו לאָז איהר אויג ניט זעהן
די גייסטער דאָ פאַראיבערגעהן,
איהר שלאָף זאָל קיינמאָל ניט פארגעהן!

מיין ליעבע שלאָפט! ווי לאַנג זי רוהט,
זאָל אויך איהר שלאָף זיין טיף און גוט!
קומט שטילער, ווערים, וואו זי רוהט!
אין טונקלען אלטען וואלד ווייט, ווייט
אַ הויך געוועלב פאַר איהר זיי גרייט, —
אַ קבר, וואָס האָט אָפט אַזוי
געעפענט זיך אין שעה פון וועה,
און ווי מיט פרייד פאַרנומען גאָר
דיין הויכען קרוב'ס טרויער כאָר, —
דער קבר ווייט איז, שטעהט אליין,
האָסט אָפט, ווען ביסט געוועזן נאָך קליין,
געוואָרפען אין זיין טיר אַ שטיין:
פון יענער זינגענדיגער טיר
קומט מעהר קיין עכאָ ניט צו דיר,
וועסט שוין מיט שרעק ניט קלערען מעהר — —
דער טויטער קרעכצט און זיפצט דאָס שווער.

1831—1845

# לענארא

צובראכען איז די גאלדענע שאל! דער גייסט פארשוואונדען איז.
קלינגט, גלאקען! דען א הייליגע זעל שוועבט אום איצט
ביי דעם סטיקס.
און, גיו דע ווער, האסטו ניט קיין טרער? — וויין איצט
אדער קיינמאל!
דיין ליעבע ליגט אהן לעבען דא, צושטערט די גאלדענע שאל!
קום, זינג דאס טרויער־ליעד און גרייט זיך צו דער הייליגונג:
א טרויער־ליעד נאך דער, וואס איז געשטארבען אזוי יונג,
־ער דאפעלט טויטער, ווייל זי איז געשטארבען אזוי יונג.

„איהר האט געליעבט איהר רייכטום נאר, איהר שטאלץ
געהאסט האט איהר,
איז זי געשטארבען, און איהר שטעהט און בענשט איהר לעצטע טיר!
ווי קאן דען קומען דאס געבעט פון לעצטער הייליגונג
פון אייך, פון אייער בייזען בליק און לעסטערענדער צונג,
וואס האט פארמאטערט די, וואס איז געשטארבען אזוי יונג?"

Peccavimus; נאר זאל פארדרוס דאס פייערליך ליעד ניט שטערען
דא פאר דער טויטער, זאל זי מעהר קיין קלאנג פון בייז ניט הערען!

זי איז אוועק, מיטנעמענדיג דיין האָפנונג אויך מיט זיך, —
דיין פרוי געוואָרען וואָלט זי דאָך, און האָט פאַרלאָזען דיך.
ווי שעהן זי איז, ווי וואונדערבאר, און דאָ אָהן לעבען ליגט,
נאָך לעבען איהרע געלע האָר, נאָר לעבלאָז איז איהר בליק,
דאָס לעבען נאָך אין איהרע האָר, נאָר טויט איז אין איהר בליק.

„אוועק! עס וואַכט מיין האַרץ היינט נאַכט. איך וויל ניט
טרויערען, קלאָגען,
נאָר א טריאומף־ליעד זאָל זי זאַכט, מיין מלאך, צום הימעל
טראָגען,
מיט גלאָקען־קלאַנג, מיט טויט־געזאַנג איהר זעל היינט ניט
באַשווערט,—
זי פליהט, באַפרייט פון יעדער לייד אויף דער פאַרשאָלטענער ערד.
פון פיינד דאָ אויף דער ערד באַפרייט, פריינד וועלען זי
דאָרט אומרינגלען,
פון גיהנום צו א הויכען ראַנג דאָרט אויבען אין די הימלען,
פון וועה און פיין צום הויכען טראָן פון קעניג פון די הימלען."

1844

# א סאנעט — צו צאַנטע

אַ, שעהנער אינזעל! האָסט דיין ליעבען נאָמען
גענימען פון דער שענסטער צווישען בלומען.
פון דיר וויפיעל עראינערונגען שטראָמען,
צו מיר צוריק די שטראַליגע שעה'ן קומען.
פון זעליגקייט פאַרלאַרענער די סצענען,
און האָפנונגען, ערוואַרטונגען, געבעטען,
איך זעה דאָ פון א יונגפרוי וויזיאָנען,
פון דער, וואָס וועט דיין ערד שוין מעהר ניט טרעטען.
נ י ט  מ ע ה ר ! דאָס טרויריג צויבערליכע וואָרט
פאַרוואַנדעלט אַלץ. דיין צויבער פליהט אוועק
און איז ניטאָ מעהר. א פאַרשאָלטענער אָרט
איז איצט פאַר מיר דיין שעהן באַבלומטער ברעג,
אַ, היאַצינטען אינזעל! פורפורן צאַנטע!
"Isola d'oro! Fior di Levante!"

1887

# עלדאָראַדאָ.

אין יום־טוב קלייד א ריטער רייט
אין זונשיין און אין שאָטען.
ער וואַנדערט לאַנג מיט פרייד־געזאַנג
צום לאַנד פון עלדאָראַדאָ.

נאָר אַלט ווערט ער, און טריב און שווער
פאַלט אויף זיין זעל א שאָטען, —
ס'פיהרט ניט קיין וועג צום גאָלדענעם ברעג,
צום לאַנד פון עלדאָראַדאָ.

און מיעד און שלאַף טרעפט ער צום סוף
א וואַנדערענדען שאָטען.
„א, זאָג, ווייסטו דעם וועג דאָ וואו
צום לאַנד פון עלדאָראַדאָ?"

— „איבער דער לבנה'ס ווייטע בערג,
און דורך דעם טאָל פון שאָטען, —
ארויף און ווייט רייט, ריטער, רייט
צום לאַנד פון עלדאָראַדאָ."

# סצענען פון „פּאָליציאַן“

(דראַמאַטישער פראַגמענט)

I

רוים, אַ זאַל אין אַ פּאַלאַץ.
אַלעסאַנדראַ און קאַסטיליאַנאַ.

אַלעסאַנדראַ
ביזט טרויעריג, קאַסטיליאַנע.

קאַסטיליאַנע
טרויעריג? — ניין.
אַ, איך בין דאָך דער גליקליכסטער אין רוים.
נאָך אַ פּאָר טעג, דו ווייסט, מיין אַלעסאַנדראַ,
און דו וועסט מיינע זיין. אַ, איך בין גליקליך!

אַלעסאַנדראַ
מיר דוכט, אַז אויף אַ זונדערבאַרער אַרט
וויַיזטו דיין גליק אַרויס. וואָס איז דיר, פריינד?
וואָס זיפצסטו אַזוי שווער?

ק א ס ט י ל י א נ ע

איך האָב געזיפּצט?

איך האָב דאָס ניט געוואוסט. א נארישקייט,
דאָס איז ביי מיר א נארישע געוועהנהייט.
ווען איך בין זעהר גליקליך. כ'האָב געזיפּצט? (זיפּצט ווידער)

א ל ע ס א נ ד ר א

יע, האָסט געזיפּצט. ביזט ניט געזונט. דו האָסט
צופיעל געטרונקען וויין און נעכט פארבראַכט
אָהן שלאָף. איך האָב באַמערקט דאָס און באדויערט.
דיין אָנבליק איז געענדערט, מאַט דיין בליק.
קיין זאך איז דאך פאַר דיר ניט אַזוי שעדליך,
ווי נעכט אָהן שלאָף, און וויין, קאַסטיליאַנע.

ק אַ ס ט י ל י אַ נ ע (נאָכדענקענדיג)

קיין זאך ניט, טייערסטע, אפילו ניט
די ערגסטע זאָרגען, איז ניט אַזוי שעדליך,
ווי נעכט אָהן שלאָף, און וויין, כ'וועל בעסער זיין.

א ל ע ס א נ ד ר א

זיי בעסער, און פאַרלאָז דעם קרייז פון פריינד
פון נידעריגען שטאַנד, וואָס פּאַסען וועניג
פאַר־דיר, א יורש פון די בראַליאָ
און אַלעסאַנדראַ'ס מאַן.

ק א ס ט י ל י א נ ע

כ'וועל זיי פארלאזען.

א ל ע ס א נ ד ר א

דו וועסט. דו מוזט. זאלסט אויך מעהר אכטונג געבען
אויף קליידונג, דיענערשאפט. צו איינפאך זיינען
זיי פאר דיין הויכען ראנג. דען פיעל הענגט אפ
פון אויסזעהן.

ק א ס ט י ל י א נ ע

כ'וועל שוין אכטונג געבען.

א ל ע ס א נ ד ר א

גיב אכטונג. דארפסט אביסעל מעהר אויך זארגען
וועגען א פאסיגען געשפאן. דיר פעהלט,
מיין העלר, נאך זעהר פיעל צו אמת'ער ווירדע.

ק א ס ט י ל י א נ ע

איך ווייס, פיעל, פיעל, א זעהר פיעל נאך פעהלט מיר
צו אמת'ער ווירדע.

א ל ע ס א נ ד ר א (הויכמוטיג)

שפאסט גאר איבער מיר!

ק א ס ט י ל י א נ ע (פארטיפט אין זיך)
א ליעבע לאלאדזשע!

אלעסאנדרא

וואס הער איך איצט ?

איך רעד מיט איהם — ער רעדט גאר וועגען לאלאדזשע
הערר גראף! (לייגט ארויף איהר האנט אויף זיין אקסעל)
וואס טרוימט איהר ? ער איז ניט געזונט !
וואס איז אייך, גראף ?

קאסטיליאנע (ווי אויפכאפענדיג זיך)

א שעהנסטע הערצאגין !
פארצייהט, פארצייהט. געוויס, כ׳בין ניט געזונט,
נעמט אייער האנט אראפ גאר פון מיין אקסעל.
ס׳איז שטיקענד, היים. מאדאם, דער הערצאג קומט !
(די בראליא קומט אריין)

די בראליא

מיין זוהן, כ׳האב נייעס ! — הא, וואס איז געשעהן ?
(באטראכט אלעסאנדרא׳ן)

א ברוגז ? קוש זי איצט, קאסטיליאנע,
דו הונט, מאך ווידער גוט אלץ אין א רגע.
כ׳ברענג נייעס אייך. פאליציאן קומט אן באלד
אין רוים, — פאליציאן, דער גראף פון לייסטער,
וועט צו דער האכצייט זיין. צום ערשטען מאל
באזוכט ער איצט די קייזערליכע שטאדט.

אלעסאנדרא

פּאָליציאָן פון ענגלאַנד, גראַף פון לייסטער?

די־בראַליאַ

יע, ער, מיין ליעבע. צו דער האָכצייט וועלען
מיר זעהן איהם. כאָטש נאָך יונג איז ער אין יאָהרען,
איז ער שוין אַלט אין רוהם. איך האָב קיינמאָל
איהם ניט געזעהן. מען זאָגט, ער איז אַ וואונדער
אין וויסען און אין בראווקייט און אין רייכטום
און אין דער הויכער אָפּשטאַמונג. מיר וועלען
איהם צו דער האָכצייט זעהן.

אלעסאנדרא

כ'האָב וועגען איהם
געהערט אַזוי פיעל. לייכטזיניג און פרעהליך
איז ער, ניט אמת? און ער דענקט גאָר וועניג.

די בראַליאַ

אַ טעות, ליעבע. ס'איז קיין וויסענשאַפט
פאַר איהם גאָר ניט צו טיף, אַזוי דערצעהלט מען.

אלעסאנדרא

דאָס איז דאָך זונדערבאַר! איך האָב געקענט
פיעל מענשען, ווען ס'האָט פּאָליציאָן
באַפריינדט, און ווי איין מענש זיי זאָגען אַלע,
אַ וואָהנזיניגער געהט ער דורך דאָס לעבען
און טרינקט פון פרייד דעם בעכער ביז צום דעק.

קאַסטיליאַנע

ווי לעבערליך! איך קען פּאַליציאַן.
ניט לייכטזיניג איז ער, ניט קיין געלעהרטער.
אַ טרוימער איז ער, וועמען ס'זיינען פרעמד
אלטעגליכע, געמיינע ליידענשאַפטען.

די־בראַליאַ

קינדער, מיר וועלען איבער דעם ניט שטרייטען.
קומט איצט ארויס אין גאָרטענ'ס דופּט'גע לופט
האָב איך געטרוימט דאָס, צי געהערט דאָסווירקליך,
אַז מעלאַנכאָליש איז פּאַליציאַן?

II

רוים. — אַ פרויען צימער מיט אַן אָפענעם פענסטער, וואָס קוקט אַרויס אין גאָרטען. לאַלאַדזשע, אין טרויער קליידער, לעזט ביי אַ טיש, אויף וועלכען עס ליגען עטליכע ביכער און אַ האַנט שפּיגעל. אין הינ־טערגרונד ליגט אָנגעלעהנט אין אַ שטוהל יאַצינטאַ, די דיענסט

לאַלאַדזשע

יאַצינטאַ, דאָס ביזטו?

יאַצינטא (מיט חוצפּה)

יע, גנעדיגע פרוי.

לאַלאַדזשע

כ'האָב ניט געוואוסט, יאַצינטאַ, אַז דו וואַרטעסט.
זעץ דיך! און זאָל מיין געגענוואַרט דיך ניט
באַלעסטיגען. זעץ דיך! כ'בין זעהר נידריג.

יאַצינטא (אַן אַ זייט)

ס'איז צייט.

(זעצט זיך אין דער קרים אויף אַ שטול, לעהנט אָן איהרע עלענבויגענס און קוקט אויף איהר האַרין מיט אַ פאַרעכטליכען בליק.
לאַלאַדזשע לעזט ווייטער)

## לאַלאַדזשע

ער האָט געזאָגט: „אונטער אַנאַנדערען הימעל
האָט אויפגעבליהט אַ העלע, גאָלד'נע בלום.“
(שטעלט זיך אָפּ, מישט איבער עטליכע בלעטער און לעזט ווייטער)
„קיין לאַנגער ווינטער דאָרט, קיין שניי, קיין רעגען.
דער אָקעאַן נאָר ברענגט די מענשען קיהלונג.
דעם גייסט דעם מילדען פון דעם ווינט פון וועסט.“
ווי שעהן דאָס איז! ווי וואונדערשעהן! ס'דערמאָנט מיר
די פיבערטרוימען מיינע פון אַ הימעל.
אַ, גליקליך לאַנד! זי איז — זי איז געשטאָרבען!
אַ, גליקליכערע נאָך, דו ביזט געשטאָרבען!
יאַצינטאַ!
(יאַצינטאַ ענטפערט ניט, און לאַלאַדזשע רעדט ווייטער)

נאָך אַן עהנליכע ערצעהלונג
וועגען אַ שעהנער דאַמע איבער'ן ים!
„זי איז געשטאָרבען יונג“. — זאָגט פערדינאַנד
אין שוישפּיעל, און באָסאָלאָ ענטפערט איהם:
„מיר דוכט, מיט יאָהרען צופיעל איז באַלאַדען
איהר טרויריג שיקזאַל“. אונגליקליכע פרוי!
יאַצינטאַ!
(יאַצינטאַ ענטפערט ניט)

אָט איז נאָך אַזאַ געשיכטע
פון דער עגיפּטענס קעניגין, וואָס האָט

נעוואונען לייכט א טויזענד הערצער און
איהר איינען הארץ פארלארען און געשטארבען.
און ס'וויינען איבער איהר צוויי שעהנע דינסטען,
צוויי שעהנע נעמען — עיראס און כארמיאן!
דער רענענבויגען און די טויב! — יאצינטא!

י א צ י נ ט א (בייז)
וואס איז, מאדאם?

ל א ל א ד ז ש ע
נעה, מיין יאצינטא גוטע
אין ביכער צימער און פון דארטען ברענג מיר
די הייליגע עוואנגעליסטען
(יאצינטא געהט ארויס)

אויב ס'איז פאראן א היילונג נאך אין גלער,
איז זי אין יענע ביכער. „טוי נאך ליעבער
פון דעם, וואס הענגט ווי פערל אויף הר חרמון."

י א צ י נ ט א (קומט אריין און ווארפט א בוך אויפ'ן טיש)
אט איז דאס בוך! (אן א זייט) ווי זי באלעסטיגט מיך!

ל א ל א ד ז ש ע (ערשטוינט)
יאצינטא, וואס האסטו געזאגט? האב איך
געטאן וואס צו דערצארנען דיך? פארגיב מיר.
דו האסט געדיענט מיר לאנג און ביזט געווען
מריי און ערגעבען. (לעזט ווייטער)

י אַ צ י נ ט אַ (אָן אַ זייט)

כ'גלויב ניט, זי זאָל האָבען
נאָך ציערונג. לאַנג האָט זי מיר אַלץ געגעבען.

ל אַ ל אַ ד ז ש ע

יאַצינטאַ, וואָס האָסטו געזאָגט? כ'דערמאָן זיך,
האָסט לאַנג שוין ניט גערעדט וועגען דיין הייראַט.
וואָס מאַכט דיין גוטער אונגאָ? ווען וועסטו
די האָכצייט פייערען? דאַרפסטו נאָך ווייטער
מיין הילף?

י אַ צ י נ ט אַ (אָן אַ זייט)

ווייטער מיין הילף? דאָס מיינט מען מיך.
(הויך) מאַדאַם, איהר דאַרפט ניט יעדען טאָג דערמאָנען
מיר יענע ציערונגען.

ל אַ ל אַ ד ז ש ע

אַ, ניין, יאַצינטאַ.
כ'האָב לאַנג פאַרגעסען גאָר אָן יענע זאַכען.

י אַ צ י נ ט אַ

קען זיין, קען זיין. דאָך וואָלט איך זיך געשוואָרען.
און אונגאָ האָט געזאָגט, דער שטיין אין רינג
איז גאָר ניט עכט, וויל גראָף קאַסטיליאָנע

וואלט אייך אַז עכטען דימענט ניט געשאַנקען.
און אויסערדעם, מאַדאַם, איז דאָך פאַרשטענדליך.
א י צ ט דאַרפט איהר מעהר קיין ציערונג דאָך ניט האָבען.
(געהט אַרויס)

לאַלאַדזשע

(ברעכט אויס אין געוויין. איהר קאָפּ זינקט אַראָפּ אויפ'ן טיש.
זי הויבט אויף דעם קאָפּ נאָך אַ פּאַוזע)

דו, אַרימע לאַלאַדזשע! שוין צו דעם געקומען!
דיין אייג'נע דיענסט! — דאָך מוט! — ס'איז נאָר אַ שלאַנג,
אַ שלאַנג, וואָס דו האָסט אויף דיין ברוסט דערוואַרעמט.
(זי נעמט דעם שפּיגעל)

אַט איז אַ לעצטער פריינד — צופיעל אַ פריינד
אין פריהערדיגע טעג, וועט דיך ניט נאַרען.
אַ, קלאָרער טרייער שפּיגעל! איצט דערצעהל מיר
אַ מעשה'לע אַ שעהנס, זאָל דיר ניט אַרען,
אויב דאָס טוט וועה. ער ענטפערט מיר. ער רעדט
פון איינגעפאַל'נע באַקען, טריבע אויגען
און לאַנג פאַרבליהטער שעהנקייט — ער געדענקט מיך.
ער רעדט פון פרייד פאַררוישטער לאַנג, פון האָפנונג
דער הימעלשער, וואָס איז שוין לאַנג באַגראָבען.
איצט שטיל און טרויריג, אָבער קלאָר פאַרנעמליך
מיר מורמעלט ער פון אַ פריהצייט'גען טויט.
אַ, קלאָרער, טרייער שפּיגעל! דו באַטריגסט ניט,

מיינסט אין באַטרוג דאָך גאָרנים צו געווינען.
קאַסטיליאַנע האָט געליינט אין ליעבע,
דאָך דו ביזט וואהר, און ער איז פאַלש, פאַלש, פאַלש.
(אין דער צייט ווען זי רעדט קומט אַ מאָנאַך אַריין אין צימער
און דערנעהנטערט זיך אונבאַמערקט)

מ אָ נ אָ ך

געליעבטע טאָכטער, זוך דיר רוה אין הימעל.
געדענק אַז אייביגקייט, בעט גאָט, טו תשובה.

לּ אַ לּ אַ ד ז ש ע (שפּרינגט אויף)

איך קען ניט. דען מיין זעל פיהרט קריג מיט גאָט!
פון פרייד די קלאַנגען שרעקליכע דאָ אונטען
באַאונרוהיגען מיך. געה, כ׳קען ניט בעטען.
מיך קוועלט דער דופּט דער ליעבער פון דעם גאָרטען.
מיך ערגערט נאָר דיין זיין דאָ. געה אַרויס.
איך ציטער פאַר דיין פריסטערליכע קליידונג.
דיין קרוציפיקס פילט אַז מיין האַרץ מיט שרעק!

מ אָ נ אָ ך

דענק נאָך וועגען דער רעטונג פון דיין זעל.

לּ אַ לּ אַ ד ז ש ע

דענק דו וועגען מיין יוגענד, מיינע עלטערען
אין הימעל, וועגען אונזער שטילער היים,

דעם טייבעל, וואָס איז פאַר דער טיר נעפּלאַסען!
דענק וועגען מיינע קליינע שוועסטערלאַך!
דענק וועגען מיר, מיין ליעבע און מיין צוטרוי,
זיין וואָרט, זיין שבועה און מיין אונטערגאַנג,
מיין וועה, וואָס קען גאַר ניט באַשריבען ווערען! —
לאָז מיך אליין! — ניין, בלייב איצט, בלייב, וואָס זאָגסטו
וועגען געבעט? האָסטו גערעדט פון גלויבען
און פון אַ נדר?

מאַנאַך

יע, איך האָב גערעדט.

לאַלאַדזשע

גוט. ס'איז אַ נדר פּאַסיג איצט פאַר מיר,
אַ הייליגער און גוטיגער און גרויסער
און פייערליכער.

מאַנאַך

לויבענסווערט, מיין טאָכטער.

לאַלאַדזשע

נאָך פריה צו לויבען, פאָטער, ס'איז ניט גוט.
האָסטו אַ קרוציפיקס, וואָס פּאַסט פאַר דעם?
אַ קרוציפיקס, ביי וועלכען איך זאָל שווערען?
(ער גיט איהר זיינעם)

ניט דעם! אַ ניין, ניין, ניין! ניט דעם, ניט דעם!
(ציטערט אויף).
איך זאָג דיר, כ'שרעק מיך פאַר דיין פריסטער קליידונג
און פאַר דיין שווארצען קרייץ, — נעם איהם צוריק!
איך האָב מיין אייג'נעם קרוציפיקס, וואָס פאַסט
פאַר דעם, וואָס איך וויל טאָן, אַ סימוואָל איז ער.
ביי איהם וועל איך איצט שווערען.
(זי הויבט אויף הויך אַ קינזשאַל מיט אַ קרייץ-הענטעל)
זעהסט דעם קרייץ?

מאַנאַך

מיין טאָכטער, וואָהנזין זיינען דיינע ווערטער,
אונהייליג איז דיין ציעל, בלייך דיינע ליפּען,
די אויגען ווילד, — רוף ניט דעם הימעל'ס צאָרן
אויף דיך. האַלט, איידער ס'איז צו שפּעט, — באַדענק דיך!
שווער ניט דיין שבועה, שווער דאָס ניט!

לאַלאַדזשע
געשוואָרען!

III

(אַ צימער אין נ׳ פּאַלאַץ. פּ אַ ל י צ י אַ ן און ב אַ ל ד אַ צ אַ ר).

ב אַ ל ד אַ צ אַ ר

זיי מונטערער, פּאַליציאַן! דו טאַרסט ניט,
דו דאַרפסט ניט אין אַזעלכע שטימונגען
אַריינפאַלען. דו זיי נאָר וואָס דו ביזט!
באַפריי דיך פון די טרוימען, פריינד, און לעב!
דיין לעבען איצט איז טויט.

פּ אַ ל י צ י אַ ן

אַ ניין, באַלדאַצאַר!
איך לעב, געוויס לעב איך.

ב אַ ל ד אַ צ אַ ר

פּאַליציאַן,
עס טוט מיר וועה אַזאַ דיך איצט צו זעהן.

פּ אַ ל י צ י אַ ן

עס טוט מיר וועה דיר שמערצען צו פאַרשאַפען.
זאָג, וואָס איז דיין באַפעהל, וואָס זאָל איך טאָן?
כ׳וועל אויף דיין וואונש באַפרייען זיך פון דעם,
וואָס כ׳האָב בירושה פון די עלטערען,
וואָס כ׳האָב געזויגען מיט מיין מוטער׳ס מילך,

אוּן זײַן ניט מעהר פּאָליציאַן, נאָר גאָר
אַנאַנדערער. באַפעהל!

באַלדאַצאַר

אין פעלד, אין פעלד!

פּאָליציאַן

אהין װעט אױך דער בײזער גײסט דאָך קומען!
אהין האָט ער מיך שטענדיג נאָכגעפאָלגט!
אהין . . . װאָס פאַר אַ שטים?

באַלדאַצאַר

כ'האָב ניט געהערט
קײן שטים, אױסער דײַן אײגענער, אוּן איהר אָפּקלאַנג

פּאָליציאַן

האָט מיר זיך נאָר גע'חלום'ט יענע שטים?

באַלדאַצאַר

װאַרף די חלומות. ס'װאַרט אױף דיר דאָס פעלד,
דער הױף, רוהם װאַרט אױף דיר אוּן עהרע רופט!
װילסט די טראָמפּײטען־צונגיגע ניט הערען,
פאַרנעמסט נאָר קלאַנגען, װאָס קײן מענש פאַרנעמט ניט,
אוּן שטימען פוּן געשפּענסטער.

פ א ל י צ י א ן

פון געשפענסטער?

האסטו דען ניט געהערט?

ב א ל ד א צ א ר

כ'האב ניט געהערט.

פ א ל י צ י א ן

האסט ניט געהערט? באלדאצאר, רעד ניט מעהר
צו מיר, פאליציאן, פון פעלד און הויף.
צום טויט דערעסען האבען מיר שוין לאנג
די לערע, קלינגענדיגע אייטעלקייטען
פון פעלקער־רייכער ערד! [illegible] געדולד נאר!
מיר זיינען פריינד געווען נאך אין דער קינדהייט
און זיינען פריינד אויך איצט, דאך ניט אויף לאנג שוין.
ווייל אין דער אייביגער שטאדט זאלסטו מיר טאן
א גוטע, ליעבע דיענסט, און ס'וועט א מאכט,
א הייליגע, א גוטע און א גרויסע,
באפרייען דיך פון אלע דיינע פליכטען
צו מיר, דיין פריינד.

ב א ל ד א צ א ר

א בייזע רעטעניש,

איך ו ו י ל זי ניט פארשטעהן.

פּאָליציאַן

דאָך איצט, ווען פּאַטום

דערנעהנטערט זיך, די האַרצן אָטמען שטיל,
פאַרוואַנדעלט צייט דעם זאַמד אין גאָלד'נע קערנער
און בלענדט מיך, פריינד באָלדאַצאַר. וועה מיר, וועה מיר!
איך ק ע ן נ י ט שטאַרבן, ווען דאָרט טיף אין האַרצן
אַ בענקשאַפט בּרענט נאָך אַלץ, וואָס שעהן איז, פריינד.
מיר דוכט, די לופט באַלזאַמישער איז איצט,
מעלאָדיען שוועבן אין די ווינטען אום,
מיט אַזאַ ליעבליכקייט די ערד בעדעקט איז,
אין היילּיגערען גלאַנץ שוועבט די לבנה
אין הימעל. האָרך! איצט קאַנסטו מעהר ניט זאָגען,
אַז דו האָסט ניט געהערט, באָלדאַצאַר.

באָלדאַצאַר

ניין.

פּאָליציאַן

ניין? הער זיך צו נאָר איצט: דער שוואַכסטער קלאַנג,
דער זיסטער דאָך, וואָס דו האָסט ווען פאַרנומען.
אַ פרויען שטים! און וועה איז אין דעם קלאַנג!
מיין פריינד, ס'באַצווינגט מיך ווי אַ צויבער קראַפט!
די שטים קלינגט ווידער, און ווי פייערליך
זי פאַלט מיר טיף אין האַרץ. נאָך קיינמאָל פריהער

האָב איך זי ניט געהערט. ס׳וואָלט גוט געווען דאָך,
ווען כ׳וואָלט די שטים די ציטעריגע פאַרנומען
אין פריהערדיגע טעג.

**באַלדאַצאַר**

איך הער זי איצט.
זיי שטיל. מיר דוכט, זי קומט פון הינטער׳ן לאָדען,
וואָס דו קענסט זעהן דאָ דורכ׳ן פענסטער דייטליך.
דאָס איז אין הערצאָגליכען שלאָס אָהן צווייפעל
די זינגערין איז אפשר אַלעסאַנדראַ,
וואָס איז די כלה פון קאַסטיליאַנע,
דעם הערצאָג׳ס זוהן און יורש.

**פּאָליציאַן**

ווידער זינגט זי.

**אַ שטים** (זעהר שוואַך)
„און ביזטו האַרט אַזוי,
איצט צו פאַרלאָזען מיך,
וואָס כ׳האָב געליעבט דיך טריי,
געליעבט אין פרייד און וועה?
און ביזטו האַרט אַזוי,
איצט צו פאַרלאָזען מיך?
זאָג ניין! זאָג ניין!״ *)

---

*) פון סער טאָמאַס וויעט.

ב א ל ד א צ א ר
דאס איז אן ענגליש ליעד. אין לוסטיגען ענגלאנד
האב איך דאס זינגען אפט געהערט, דאך קיינמאל
נים אזוי טרויעריג. שטיל! ווידער זינגט זי.

ד י ש ט י ם (העכער)

„איז הארט דיין הארץ אזוי,
איצט צו פארלאזען מיך,
וואס כ'האב געליעבט דיך טריי,
געליעבט אין פרייד און וועה?
און ביזטו הארט אזוי,
איצט צו פארלאזען מיך?
זאג ניין, זאג ניין!"

ב א ל ד א צ א ר

געענדיגט, אלץ איז שטיל.

פ א ל י צ י א ן

אלץ א י ז נ י ט שטיל,

ב א ל ד א צ א ר
לאמיר ארונטערגעהן.

פ א ל י צ י א ן

מעגסט געהן, באלדאצאר.

באלדאצאר
עס ווערט שוין שפעט, דער הערצאג וואַרט אויף אונז,
ער ווינשט צו זעהן דיך אונטען אין דעם זאַל.
וואס איז מיט דיר איצט, גראף פּאַליציאן?

די שטים (דייטליך)
„וואס כ׳האב געליעבט דיך טריי,
געליעבט אין פרייד און וועה,
און ביזטו הארט אזוי?
זאג ניין, זאג ניין!"

באלדאצאר
איצט געהען מיר, ס׳איז צייט. פּאַליציאן,
ווארף דיינע טרוימען, און געדענק, איך בעט דיך,
ניט זעהר העפליך האסטו זיך באנומען
צום הערצאג לעצטענס. קום צו זיך! געדענק דאס!

פּאליציאן
געדענקען! פיהר מיך, פריינד. איך וועל געדענקען.
לאָמיר ארונטערגעהן. גלויב מיר, איך וואָלט
די גיטער פון מיין גראפשאפט אפּגעגעבען,
צו זעהן נאָר דאס געזיכט הינטער׳ן לאָדען,
„צו זעהן ס׳פארשלייערטע געזיכט און הערען
נאָר נאָך איין קלאנג פון יענעם טריבען מויל".

ב א ל ד א צ א ר

איך בעט דיך, קום אראפ, מיר וועלען נאך
באליידיגען דעם הערצאג. קום, איך בעט דיך.

ד י ש ט י ם

„זאג ניין! — זאג ניין!"

פ א ל י צ י א ן

ווי זונדערבאר! מיר דוכט,
די שטים קלינגט ווי מיין וואונש און הייסט מיר בלייבען!
(דערנעהנטערט זיך צום פענסטער)
דו זיסע שטים, איך הער דיך און וועל בלייבען.
ביים הימעל, זיי דאס איינבילדונג צי שיקזאל,
איך קום היינט ניט אראפ. באלדאצאר, בעט
ענטשולדיגונג פאר מיר ביים הערצאג. כ'קען ניט
אראפקומען.

ב א ל ד א צ א ר

וואס אייער לארדשאפט ווינשט,
דאס זאל געשעהן, מיין פריינד. א גוטע נאכט!

פ א ל י צ י א ן

א גוטע נאכט, מיין פריינד, א גוטע נאכט!

## IV

(אין גאָרטען פון פּאַלאַץ. לבנה שיין. לאַלאַדזשע און פּאַליציאַן).

לאַלאַדזשע

און דו פון ליעבע רעדסט, פּאַליציאַן?
פון ליעבע און צו מיר, צו מיר? פון ליעבע
רעדסטו צו לאַלאַדזשע? אַ וועה מיר, וועה מיר!
ווי גרויזאַם איז דיין שפּאַט! ווי שווער ער טרעפט מיך!

פּאַליציאַן

אַ וויין ניט, לאַלאַדזשע. וויין ניט! דיינע טרערען
ווי קען איך דען פאַרטראָגען? קלאָג ניט, לאַלאַדזשע,
נאָר זיי געטרייסט. איך וויים, איך וויים דאָס אַלץ,
און דאָך רעד איך פון ליעבע. שענק דיין בליק מיר,
לאַלאַדזשע, ליעבע, שעהנע, שענק דיין בליק מיר.
דו פרעגסט מיך, צי פון ליעבע רעדען קען איך,
אַלץ וויסענדיג און צוזעהענדיג אַלץ.
דו פרעגסט מיך, און איך וועל דיר ענטפערען,
אַזוי אויף מיינע קניה וועל איך דיר ענטפערען.
(קניהט)

אַ לאַלאַדזשע, איך ליעב דיך, ליעב דיך, ליעב דיך,
אין גליק און וועה, אין פּיין און פרייד דיך ליעב איך.
הייסער, ווי ס'ליעבט אַ מוטער, אין איהר שוים

איהר ערשט קינד האַלטענדיג, דיך ליעב איך לאַלאַדזשע.
קיין הייליגערער פייער ניט געברענט האָט
אין ערגעץ, ווי דער פייער, וואָס איצט ברענט
טיף אין מיין זעל פאַר דיר. צי ליעב איך דיך?
(שטעלט זיך אויף)
אויך פאַר דיין וועה דיך ליעב איך, אויך פאַר דעם.

לאַלאַדזשע

דו זעהסט מיך שטאָלצער גראַף, און דו פאַרגעסט
אַז זיך! ווי קען דען אין דיין פאָטער'ס זאַלען,
געפינען זיך מיט פרויען אומבאַפלעקטע
אַזאַ ווי איך, אַזאַ ערנידעריגטע?
דיין פרוי מיט אַן עראינערונג באַפלעקטער!
ווי קען איך מיין פאַרלעצטען נאָמען שטעלען
אינמיטען פון דיין פאָטערליכען הויז
און פון דיין רוהם?

פאָליציאַן

אַ רעד מעהר ניט פון רוהם!
איך האַס, פאַראַכט דאָס וואָרט און שוידער אויף
ביים נישטיגען און לערען קלאַנג. ביזטו דען
ניט לאַלאַדזשע, און איך פאָליציאַן?
ליעב איך דיך דען ניט, און ביזטו ניט שעהן?
וואָס דאַרף מען מעהר? רוהם? רעד ניט מעהר פון רוהם.

ביי אלץ, וואס איז א היילינגטום ביי מיר,
וואס כ'ווינש אויף דר'ערד, אויף וואס איך האף אין הימעל,
קיין סאט וועט זיכער מיר מעהר רוהם ניט ברענגען,
ווי דיר צוליעב פארצבטען יענעם רוהם,
איהם טרעטען מיט די פיס. וואס מאכט דאס אויס,
וואס מאכט דאס אויס, מיין ליעבסטע לאלאדזשע,
ווען מיר אהן עהרע וועלען זיין פארגעסען,
אין שטויב ארונטערלאזען זיך צוזאמען?
צוזאמען אונטערגעהן — און אפשר דאן . . .

לאלאדזשע

וואס שוויינסטו שטיל, פאליציאן?

פאליציאן

און דאן
צוזאמען ווידער אויפשטעהן פון די טויטע
און שוועבען דורך די שטילע שטערען רוימען
און אלץ . . .

לאלאדזשע

וואס שוויינסטו שטיל, פאליציאן?

פאליציאן

און אלץ צוזאמען, שטענדיג אלץ צוזאמען.

ל א ל א ד ז ש ע

גראַף לייסטער, יע, דו ליעבסט מיך כ'פיהל דאָס,
אין טיפסטען הארצען פיהל איך, אז דו ליעבסט מיך.

פ א ל י צ י א ן

אַ ליעבע לאַלאַדזשע!

(וואַרפט זיך אויף די קניה)

און ליעבסטו מיך?

ל א ל א ד ז ש ע

שטיל, שוויינ! מיר דוכט זיך, כ'האָב אין פינסטערען שאָטעי
פון יענע בוימער אַ געשטאַלט פארביינעהן
געזעהן, געשפּענסטיג, לאַנגזאַם, פייערליך,
גלייך ווי געוויסען פייערליך און פינסטער.

(געהט אָפּ אַ פּאָר טריט און קומט צוריק)

אַ טעות. ס'איז געווען אַ גרויסער צווייג,
באַוועגט פון הערבסט'נען ווינט. פּאָליציאַן!

פ א ל י צ י א ן

מיין לאַלאַדזשע, מיין ליעבע, וואָס באַוועגט דיך?
וואָס ווערסטו בלייך? עס דאַרף ניט דאָס געוויסען,
נאָך ווייניגער אַ שאָטען פון געוויסען,
אונזער באַשלוס ניט ענדערען. דאָך די נאַכט לופט
איז קיהל, און יענע טרויעריגע צווייגען
פאַרשפּרייטען פינסטערניש.

ל א ל א ד ז ש ע

פאליציאן!

דו רעדסט פון ליעבע איצט. קענסטו דאס לאנד,
וואס יעדע צונג דערמאנט, וואס דורך א נס
א געגוועזער האט ענטדעקט ניט לאנג
א טויזענט מיילען אין דעם גאלד'נעם וועסט?
א צויבערלאנד מיט בלומען, פרוכטען, זונשיין,
קריסטאלענע ימים, הימעל־הויכע וועלדער
און בערג מיט פעלזען־טורעמס, ארום וועלכע
די ווינטען רוישען, ועמעס לופט צו אטמען
ברייננט פרייהייט אונז און גליק?

פ א ל י צ י א ן

א ווילסטו, ליעבע,
מיט מיר אנטלויפען אין אזא גן־עדן,
מיין לאלאדזשע, און יעדע זארג פארגעסען
און יעדען פיין, און ערגס אלץ זאל זיין אונז?
און לעבען וועט זיין מיינס, ווייל איך וועל לעבען
פאר דיר, אין דיינע אויגען און דו וועסט
ניט טרויערען מעהר, נאר פריידען שטראליגע
אויף דיר דאן וועלען ווארטען. און די האפנונג
וועט שטענדיג זיין מיט דיר, און איך וועל קניהען
און צו דיר בעטען, רופען דיך מיין ליעבע,

מיין אייג׳נע, שעהנע ליעבע און מיין פרוי,
מיין אלץ! א ווילסטו, ליעבע לאַלאַדזשע,
אהין מיט מיר ? . . .

ל אַ ל אַ ד ז ש ע

נאָך עפּעס מוז מען טאָן, —
קאַסטיליאַנע לעבט . . .

פּ אָ ל י צ י אַ ן

און שטאַרבען זאָל ער. (געהט אַרויס).

ל אַ ל אַ ד ז ש ע (נאָך אַ פּאַוזע)

און — שטאַרבען — זאָל — ער! — אך! קאַסטיליאַנע?
ווער האָט דאָס דען געזאָגט? וואו בין איך דען?
ווי? וואָס האָט ער געזאָגט? פּאָליציאַן?
דו ביזט נאָך ניט אַוועקגעגאַנגען דאָך!
איך פיהל, דו ביזט נאָך דאָ, דו וואַגסט ניט קוקען,
איך זאָל דיך ניט דערזעהן, האָסט ניט געקענט
אַוועקגעהן מיט אַזעלכע ווערטער, — רייד צו מיר!
אַ לאָז דיין שטים מיר הערען, — נאָר איין וואָרט!
זאָג נאָר, אַז דו ביזט ניט אַוועקגעגאַנגען,
זאָג נאָר דאָס איינס, אַז דו פאַראַכטעסט און האָסט
מיין פרויען שוואַכקייט. ביזט נאָך ניט אַוועק,
אַ רעד צו מיר! איך ווייס, וואָלסט ניט געגאַנגען.

איך ווייס, דו ווערסט ניט, קענסט ניט, ו ו א ג ס ט ניט געהן.
דו ו ו י ל ס ט ניט געהן, דו נארסט מיך, שפּאַטסט פון מיר!
איך האַלט דיך אַט אַזוי . . . ער איז ניטאָ!
ניטאָ, אַוועק. וואו בין איך? זעהר גוט?
אַזוי, זאָל שאַרף און זיכער זיין דער שניט.
אַזוי איז זעהר גוט! אַה וועה מיר, וועה מיר!

# V

(פאָרשטאָדט. פּאָליציאָן אַליין).

פּאָליציאָן

די שוואכקייט איבערוועלטיגט מיך. מיר שווינדעלט,
כ'האָב מורא קראַנק צו ווערען. כ'דאַרף ניט שטאַרבען,
נאָך איידער כ'האָב געלעבט. האַלט אָפּ דיין האַנט,
דו פינסטערער אַזראַעל, דו פירשט פון נאַכט
און טויט! ערבאַרם דיך איבער מיר און לאָז ניט
מיר שטאַרבען אין אַ נייער האָפנונג'ס פריהלינג!
לאָז מיר נאָך לעבען, נאָך אַ קליינע ווייל.
איך בעט ערבאַרמונג איצט, און דאָך האָב איך
ניט לאַנג צוריק געבעטען נאָך דעם טויט.
(באַלדאַצאַר קומט אַריין)
וואס זאָגט דער גראַף?

באַלדאַצאַר

ער ווייס ניט פון קיין שטרייט
צווישען פּאָליציאָן און איהם, דעריבער
קען ער ניט אָננעמען די פאָדערונג.

פ א ל י צ י א ן

וואָס איז דער ענטפער, וואָס דו האָסט געבראַכט מיר?
פיהלסטו דעם דופט, וואָס קומט פון יענע ביידלאַך?
האָסטו געזעהן נאָך אַזאַ שעהנעם טאָג,
אָדער וואָס איז איטאַליען מעהר ווערט?
און וואָס, מיין פריינד, האָט דיר געזאָגט דער גראף?

ב א ל ד א צ א ר

אַז ער, קאַסטיליאָנע, ווייס גאָר ניט
פון אורזאַכען פאַר פיינדשאַפט אָדער שטרייט,
וואָס שטעהען צווישען איהם און אייער לאָרדשאַפט,
און נעמט די פאָדערונג ניט אָן.

פ א ל י צ י א ן

ס'איז ריכטיג,

דאָס אַלץ איז ריכטיג, ווען האָסטו געזעהן
אין דעם אונפריינדליכען און קאַלטען ענגלאַנד,
וואָס דאָ ניט לאַנג פאַרלאָזען האָבען מיר,
אַ הימעל קלאָר ווי דער, אינגאַנצען פריי
פון יעדען פלעק. — און וואָס האָט ער געזאָגט?

ב א ל ד א צ א ר

ניט מעהר, מיין העררר, ווי וואָס כ'האָב אייך געזאָגט:
קאַסטיליאָנע וויל מיט אייך ניט פעכטען,
ער האָט מיט אייך קיין שטרייט ניט.

פּאָליציאָן

דאָס איז ריכטיג,
דאָס אַלץ איז ריכטיג. ביזט מיין פריינד, באַלדאַצאַר.
איך האָב דאָס ניט פאַרגעסען. קענסט מיר איצט
אַ דינסט ערפילען: געה צוריק און זאָג
צו יענעם מאַן, אַז איך, דער גראַף פון לייסטער,
רוף אַז איהם שורקע. כ׳בעט דיך, זאָג איהם דאָס.
ער וועט אין דעם שוין גרונד גענוג געפינען
צו אָננעמען דעם קאַמף.

באַלדאַצאַר

מיין לאָרד! מיין פריינד!

פּאָליציאָן (אַן אַ זייט)

ס׳איז ער. — ער קומט אַליין!

(הויך) דו ביזט גערעכט.
איך וויים דיין ראָט — ניט זאָגען דאָס דעם גראַף.
איך וועל מיך איבערלייגען. וועל ניט זאָגען.
איצט לאָז אַליין מיך, פריינד. עס קומט ווער אַן.
איך מוז מיט איהם באַזאָרגען דאָ געשעפטען
פּריוואַטע.

באַלדאַצאַר

כ׳געה. און מאָרגען טרעפען מיר זיך
אין וואַטיקאַן, מיין פריינד.

פּ אָ ל י צ י אָ ן

איז וואַטיקאַן.

(באַלדאַצאַר גײט אַרױס. עס קומט אַרײַן קאַסטיליאַנע).

קאַ ס ט י ל י אַ נ ע

דער גראַף פֿון לײַסטער דאָ!

פּ אָ ל י צ י אָ ן

איך בין דער גראַף
פֿון לײַסטער, און דו זעהסט דאָך, איך בין דאָ.

קאַ ס ט י ל י אַ נ ע

מײַן גראַף, אַ זונדערבאַרער טעות אָדער
אַ מיספֿאַרשטענדניס איז דאָ צווישען אונז,
איך צווייפֿעל ניט אין דעם. און אין דײַן צאָרן
האָסטו געשריבען מיר אַזעלכע ווערטער,
וואָס איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען. און באַלדאַצאַר,
הערצאָג פֿון סוירי, איז דער איבערברײַנגער
געווען. איך קען קיין זאַך זיך ניט דערמאַנען,
וואָס זאָל די אורזאַך זײַן פֿאַר אַזאַ האַנדלונג.
איך האָב דיך ניט באַליידיגט. בין איך ניט
גערעכט? אַ טעות קען ביי אַלעמען טרעפֿען.

פּ אָ ל י צ י אָ ן

ציה, שורקע, ס'שווערד און הער אויף פּלוידערען!

קאַסטיליאַנע

ציהען? און שורקע? כ'בין גרייט, שטאָלצער גראַף!
(ציהט זיין שווערד)

פּאַליציאַן (ציהט אויך זיין שווערד)

צו אַ פּריצייטיגען אונטערגאַנג און קבר
געווייהט זיי אין דעם נאָמען פון לאַלאַדזשע!

קאַסטיליאַנע (לאָזט פאַלען זיין שווערד און טרעט אָפּ צוריק צום עק פון דער ביהנע)

אין נאָמען פון לאַלאַדזשע? אַ האַלט אָפּ
דיין הייליגע האַנט! צוריק, צוריק, זאָג איך!
איך וועל מיט דיר ניט פעכטען, אַ איך וואָג ניט.

פּאַליציאַן

דו ווילסט מיט מיר ניט פעכטען, זאָגסטו, גראַף?
ווילסט מיך צום נאַרען מאַכען? — זעהר גוט!
דו האָסט געזאָגט, דו וואָגסט ניט?

ק אַ ס ט י ל י אַ נ ע

ניין, איך וואַג ניט.
האַלט אָפּ דיין האַנט! מיט דעם באַליעבטען נאָמען
אויף דיינע ליפּען וואַג איך דאָס ניט טאָן.
איך קען ניט, וואַג דאָס ניט.

פּ אָ ל י צ י אָ ן

ביי אַלץ, וואָס הייליג
איז מיר, איך גלויב דיר, פּיינליננ! יע, איך גלויב דיר!

ק אַ ס ט י ל י אַ נ ע

וואָס? פּיינליננ? ניין, דאָס קען ניט, וועט ניט געהן!

(כאַפּט זיין שווערד און געהט מיט וואַקלענדע טריט צו פּאָליציאָן. ענדערט זיין אבזיכט, איידער ער דערגרייכט איהם, און פאַלט דעם גראַף צו די פים).

מיין הערר, נערעכט זייט איהר. אין אזא פאַל
בין איך א פּיינליננ. א ערבאַרעמט אייך!

פּ אָ ל י צ י אָ ן (ווייכער)

אַך, יע, איך האָב אויף דיר רחמנות איצט.

ז א ס ט י ל י א נ ע

און אויף לאַלאַדזשע.

פּ אַ ל י צ י א ן

שופט, שטעה אויף און שטאַרב!

ק אַ ס ט י ל י אַ נ ע

ניין, ניין, אויף מיינע קניה דו לאָז מיך שטאַרבען.
כ׳וויל שטאַרבען אין ערנידריגונג אזוי
איך וועל אין קאַמף ניט אויפהויבען מיין האַנט
אויף דיר, אַ גראַף פון לייסטער. הויב דיין שווערד!
(ענטבלויזט זיין ברוסט)
דיין שווערד קיין ווידערשטאַנד וועט ניט באַגעגנען.
איך וויל מיט דיר ניט פעכטען!

פּ אַ ל י צ י אַ ן

טויט און גיהנם!
האָב איך ניט דעם פאַרלאַנג דיין וואונש צו טאָן?
נאַר הער מיך אוים: דו וועסט נאָך ניט אַנטלויפען.

דו וועסט פון מיר באַליידיגט ווערען אַפּען,
פֿאַר אַלע בירגער אַפּען אין די גאַסען.
כ'וועל ווי א מלאך פון נקמה דיך
נאַכפאָלגען ביז צום טויט. פֿאַר דיינע ליעבע
און פֿאַר דעם גאַנצען רוים וועל איך דיך טאַדלען.
ביזט פּ י י ג, דו ו ו י ל ס ט ניט, וואַגסט מיט מיר ניט
פעכטען?
דו לייגסט! איך וועל דיך צ ו ו י נ ג ע ן!
(געהט אַוועק)

ק אַ ס ט י ל י אַ נ ע

ס'איז גערעכט!
גערעכטע שטראָף! דאָס איז דאָך גאָט'ס נקמה!

1835—1836

## סאָנעט — צו דער וויסענשאַפט

אַ, וויסענשאַפט! טרײַ קינד פון אַלטער צײַט!
דײַן שמאָלער בליק פאַרענדערט יעדע זאַך.
דו רויב־פויגעל, טעמפּ איז דײַןווירקליכקײַט.
וואָס האַלטסטו אויף דעם דיכטער'ס האַרץ דײַן וואַך?
ווי זאָל ער ליעבען דיך, דו קינד פון צײַט,
ווען דו פאַרפאַלגסט איהם אין זײַן וואַנדערונג
נאָך אוצרות אין דער שטערענדיגער ווײַט,
פאַרגינסט ניט זײַן געוואַגטען אַדלער שוואונג?
האָסטו דען ניט די ליעבסטע פון געטינען
פאַרטריבען? און געצוואונגען די דריאַדען
אויף אַנד'רע שטערען שוץ זיך צו געפינען?
און פון דעם שטראָם פאַרטריבען די נאַיאַדען,
פון גראָז די עלפען, און דעם זומער־טרוים
פון מיר אונטער אַ טאַמאַרינדען בוים?

1829

# צו העלענאַ

(מרס. סטענארד)

העלענא, ס׳איז דיין הערליכקייט
ווי יענע שיפלאך אויפ׳ן מער,
וואס טראגנען פון דער גאלד׳נער ווייט
דעם מיעדען, מאטען וואנדערער
אהיים צום לעצטען ווידערקער.

כ׳האב רוה, נאיאד, געהאט ווען קוים,
איצט פון דיין קלאסישען געזיכט
און היאצינטען האר אהיים
ווער איך געפיהרט צו גריכענלאנד׳ס ליכט
און צו דער הערליכקייט פון רוים.

אין ראהם פון פענסטער־ניש דיך שטעהן
זעה איך מיט אכאט לאמפ אין האנט.
ביזט שעהן, ביזט ווי א בילד פון שטיין!
פסיכעע, ווי דיין לאנד איז שעהן!
ס׳איז הייליג לאנד.

1831

# איזראַפעל*)

אין הימעל וואוינט א גייסט אליין,
„און ס'איז זיין הארץ א לוט";
ווי מלאך איזראַפעל, ווער קען
נאָך זינגען אזוי שעהן?
די שטערען, וואָס פּאַראיבערגעה'ן,
אנשוויגען ווערען און בלייבען שטעהן,
און אלץ איז שווייגען רוהט.

און ווען אַרויף אין הימעל געהט
די לבנה אין דער הויך,
פאַרבענקט, פאַרקלערט און בלייך,
ווערט זי פון ליעבע רויט.
און ס'האָרכען אין דער הויך
דער בליץ, און די פּלעיאַדען אויך,
ווי ס'ציטערען די טענער ווייך,
און אלץ איז שטיל דאָרט אין דער הויך.

---

*) און דער מלאך איזראַפעל וועמען האַרץ איז א לוט, און וואָס האָט די זיסטע שטים פון אלע גאָט'ס באַשעפּעניסען. — קאָראַן.

און זיי זאָגען (אַלע שטערען
דאָרט אין דעם הימעלס כאָר,
און אַלע די, וואָס הערען
די צויבערליכע שטים),
אַז איזראַפעל׳ס פייער גאָר
קומט פון זיין לירא נאָר,
וואָס באַגלייט אין זינגען איהם.

און וואו דער מלאך איז, דאָרט
איז טיפער זינען — געבאָט,
און ליעבע — אַ שטאַרקער גאָט,
און יעדער הורי־בליק האָט
די גאַנצע שעהנהייט, וואָס ווערט
אין אַ ווייטען שטערן פאַרעהרט.

דרום ביסטו גערעכט אין דיין דראַנג,
באַרד ווייזער איזראַפעל!
דו אַכטסט נישט קיין געזאַנג
אָהן פייער און אָהן דראַנג.
דיינס איז דער לאָרבער, דיין רוהם שיינט העל!
זאָלסט פרעהליך לעבען און לאַנג!

די הימעלס עקסטאַזען שטייגען
אינאיינעם מיט דיין האַרצענס גלוט,

דיין ליעבע, דיין האס — זיי פּאַסען גוט
צום פייער פון דיין לוט, —
די שטערען האַרכען און שווייגען.

דער הימעל, ער איז דיין,
און דאַ איז אומפּאַלקאָם יעדע געשטאַלט,
די בלומען קאָנען נאַר בלומען זיין,
און פון דיין גליק דער שאָטען פאַלט
אויף אונז, ווי זונענשיין.

אַ, וואַלט געוועז מיין זעל
דאָרט אויבען מיט איזראַפעל,
און ער וואַלט דאַ געוועזן,
ניט געקלונגען וואַלט דאַן זיין ליעד אזוי העל,
ניט געוועזן אַזוי צויבערליך שעהן,
און העל וואַלט געוועזן דאַס געזאַנג פון מיין זעל,
און מיין לירא וואַלט מעכטיגער געוועזן.

1831

## צו —

וואו איך הער אין טרוים א פויגעל־געזאַנג,
אין מיין חלום א גאַרטען־הויז,
דאָס זענען די ליפּען דיינע, דער קלאַנג
קומט מעלאָדיש פון זיי אַרויס.

און אין הימעל פון הארצען געהט אויף און שטראַלט
דאָס ליכט פון דיין אויג, דיין געזיכט.
און דיין ליכט אויף מיין נשמה פאַלט —
אויף אַן אָרון, פון שטערען דאָס ליכט.

דיין הארץ — ד י י ן הארץ! — איך טרוים און וואַך,
ביז פון טאָג קומט דער העלער שיין,
פון דעם אמת, וואָס ענדערען קאָן ניט קיין זאַך,
דאַך וויל איך, ס'זאָל מעגליך זיין.

1829

# א ליעד

כ'האָב דיך געזעהן אין מירטענקראַנץ,
ס'האָט דיין געזיכט געגליהט,
און אַלץ אַרום אין גליק און גלאַנץ
מיט ליעבע האָט געבליהט.

ווען פון דיין אויג א בליץ פון גליק
מיין הארץ האָט דורכגענומען,
איז דאָס געווען אַלץ, וואָס מיין בליק
פון ליעבע האָט פאַרנומען.

דאָס גליהען פון דיין באַק, קאָן זיין,
וואָלט אפשר באַלד פאַרשוואונדען.
דאָך האָט אַ שטאַרקערען פלאָם דער שיין
אין ברוסט מיר אָנגעצונדען.

ווען כ'האָב געזעהן דיך אין דעם קראַנץ,
און ס'האָט דיין באַק געגליהט,
און אַלץ אַרום אין גליק און גלאַנץ
מיט ליעבע האָט געבליהט.

1827

# דאָס וואַסער, צו —

אין יוגענד נאָך באַשערט געווען
איז מיר א ליעבען אָרט צו זעהן,
וואו כ׳האָב געוואַנדערט אָפט אליין —
אַ וואַסער איינזאַם, ווילד און שעהן,
און פעלזען, ווי א שוואַרצע וואַנט,
מיט בוימער־טורעמס ביי זיין ראַנד.

נאָר ווען די נאַכט האָט מיט איהר פלוד
געוואָרפען דאָ איהר שוואַרצען טוך,
און א געהיימניספולער ווינט
האָט ווי פאַרוויגט צום שלאָף א קינד,
א שרעק האָט דאַן אין מיר ערוואַכט
אין וויסטער איינזאַמקייט פון נאַכט.

דאָך ניט קיין פורכט געווען איז דאָס —
א ציטריגע ענטציקונג, וואָס
כ׳קאָן ניט באַשרייבען פאַר דעם שיין
פון גאָלד, ניט פאַר דעם ליעבעס וויין,
ווען אויך דאָס זאָל ד י י ן ליעבע זיין.

טויט ביי דעם גיפטיגען וואסער׳ס זוים
געוועז פאר דעם איז, וועמעס טרוים
וואָלט דאָ זיין רוה און טרייסט געזוכט,
און וועמעס זעל עס וואָלט פארזוכט
איז א גן־עדן יענעם אָרט.
פארוואנדלען מיט זיין צויבער־וואָרט.

1827

# פון דעם איבערזעצער.

די פּאָעמען, וואָס פּאַו ציטירט אין דעם עסעי „דער גרונד־פּרינציפּ אין פּאָעזיע", האָב איך געהאַלטען פאר נויטיג צו ברענגען אין אָריגי־נאַל, וועלכען קיין איבערזעצונג וואָלט ניט געקאָנט פארביטען. איך האָב אָבער געגעבען א ווערטערליכע איבערזעצונג פון די אַלע פּאָעמען, אויס־ביגע פון וועלכע (לאָנגפעלאָו, הוד׳ס „בריק פון זיפצען" און שעלי׳ס „סערענאַדע", — פון דער לעצטער איז פאַראַן א זעהר גוטע איבערזעצונג פון א. ליעסינ׳ען) זיינען שוין געווען איבערזעצט.

איבער יעדער איבערזעצונג איז אָנגעגעבען די זייט, וואו דער אָרי־גינאַל ווערט ציטירט אין דער עסעי.

זייט 10:

„די אינדישע סערענאַדע" פון פּערסי ב. שעלי.

איך ערוואַך פון טרוימען וועגען דיר
אין דעם ערשטען זיסען שלאָף פון דער נאַכט,
ווען די ווינטען אָטמען שטיל,
און די שטערען שיינען העל.

איך ערוואַך פון טרוימען וועגען דיר, —
און אַ גייסט אין מיינע פיס
מיך געפיהרט — ווער ווייס, ווי אַזוי? —
צום פענסטער פון דיין צימער, טייערע!

די וואַנדערענדע זעפירען פארגעהען
ביי דעם פינסטערען, שטילען שטראָם,
דער טשאַמפּאַק דופט פאַרשווינדט,
ווי ליעבע געדאַנקען אין א חלום;

דעם נאַכטיגאַלס קלאַגען
שטאַרבט אויף זיין ברוסט,
ווי איך מוז שטאַרבען אויף דיינער,
אַ, מיין געליעבטע!

אַ, הויב מיך אויף פון גראַז!
איך שטאַרב, איך פאַל אין אונמאַכט!
זאָל דיין ליעבע שטראָמען אין קושען
אויף מיינע ליפּען און בלייכע אויגען־דעקלעך.

וועה, מיין באַק איז קאַלט און וויים!
מיין האַרץ קלאַפּט שטאַרק און שנעל:
אַ, דריק עס ווידער פעסט צו דיינעם,
וואו עס וועט ענדליך צוּבראַכען ווערען!

זייט 11:

פון נ. פּ. ווילים:

די שאָטענס זענען געלעגען אויף בראָדוויי,
עס איז געווען פאַר דער דעמערונג שעה —
און לאַנגזאַם האָט אַ שעהנע דאַמע
דאָרט שטאָלץ שפּאַצירט.
אַליין איז זי געגאַנגען; נאָר אומזיכטבאַר
זענען גייסטער געגאַנגען לעבען איהר.

אין רוה איז די גאַס אונטער איהרע פיס געלעגען,
און עהרענהאַפטיגקייט האָט אָנגעפילט די לופט;
און אַלץ, וואָס האָט זיך באַוועגט, האָט אויף איהר געקוקט
מיט פריינדליכקייט און גוטסקייט —
ווייל אַלץ, מיט וואָס גאָט האָט זי באַשאַנקען,
האָט זי פאַרנינפטיג און זאָרגפעלטיג געהיט.

זי האט זארגפעלטיג געהיט איהרע זעלטענע שעהנקייטען
פון ליעבהאבער הייסע און טרייע —
ווייל איהר הארץ איז געוועז קאלט צו אלץ, אויסער גאלד,
און די רייכע זענען צו איהר ניט געקומען —
וואלט אבער פארקויפט גערן איהר רייץ און צויבער,
אויב נאר דער פריסטער וואלט געוועזן דער פארקויפער.

און שפאצירט האט דארט נאך א שעהנהייט —
א דין מיידעל, בלייך ווי א ליליע;
און די אומזיכטבארע געזעלשאפט ארום איהר
האט אייך געקאנט מאכען צום אויפשוידערען —
צווישען נויט און פאראכטונג איז זי אן עלענדע געגאנגען,
און קיין הילף איז נישט געוועזן.

קיין גאלד קאן שוין נישט אויסגלייכען די קנייטשען אויף
איהר שטערן,
אז זי זאל אויף דער ערד אין רוה קאנען גאט בעטען,
ווייל, ווי דאס ווילדע געבעט פון ליעבע איז פארגאנגען
אין דער לופט,
האט איהר פרויען־הארץ נאכגעגעבען! —
אבער די זינד, וואס קריסטוס אין הימעל האט פארגעבען,
ווערט אייביג פארשאלטען פון מענשען!

זייט 18:

„דער פארלוירענער וואנדערער" פון הענדי וואדסווארט
לאנגפעלאו.

דער טאג איז פארגאנגען, און די פינסטערניש
פאלט פון די פליגלען פון דער נאכט,
ווי א פעדער פליהט אראפ
פון א פליהענדיגען אדלער.

איך זעה, ווי די ליכטער פון דאָרף
שימערען דורך רעגען און נעבעל,
און א געפיהל פון אומעט קומט איבער מיר,
וואָס מיין זעל קאָן נישט ווידערשטעהן.

א געפיהל פון אומעט און בענקשאַפט,
וואָס איז נישט עהנליך צו פּיין,
וואָס דערמאַנט טרויער נאָר,
ווי דער נעבעל דערמאַנט דעם רעגען.

קום, לייען פאר מיר א פּאָעמא,
אן איינפאכע, הארציגע געשיכטע,
וואָס זאָל איינשטילען דאָס אומרוהיגע געפיהל,
פארטרייבען די זאָרגען פון טאָג.

נישט פון די הערליכע אלטע מייסטער,
נישט פון די געטליכע זינגער,
וועמעס ווייטע טריט קלינגען אָפּ
דורך די קאָרידאָרען פון דער צייט.

ווייל, ווי טענער פון קריגס־מוזיק,
דערמאָנען זייערע מעכטיגע געדאנקען
די ענדלאָזע ארבייט און מיה פון לעבען;
און היינט נאָכט בענק איך נאָך רוה.

לייען מיר פון א באשיידענערען פּאָעט,
וועמעס געזאַנגען האָבען געשטראָמט פון זיין האַרצען,
ווי עס שטראָמען רעגענס פון די זומערדיגע וואָלקענס,
ווי עס שטראָמען טרערען פון די אויגען;

ווער עס האט דורך די טעג פון מיה
און די נעכט אהן שלאף, אהן רוה
דאך פארנומען אין זיין זעל די מוזיק
פון וואונדערליכע מעלאדיען.

אזעלכע ליעדער האבען די קראפט איינצושטילען
דעם רוהלאזען פולס פון זארג,
און זיי קומען ווי א ברכה,
וואס קומט נאך א געבעט.

איצט לייען פון א טייערען בוך
א פאעמא, וואס דיר וועט געפעלען,
און גיב צו צום פאעטס ריים
די שעהנקייט פון דיין שטים.

און זאל די נאכט זיין אנגעפילט מיט מוזיק,
און די זארגען, וואס פילען אן דעם טאג,
זאלען צונויפלעגען זייערע ביידלעך, ווי די אראבער,
און זיך אוועק'גנב'ענען אזוי שטיל, ווי זיי.

זייט 19:

די צווייטע, דריטע און פיערטע שורות פון דער פינפטער
סטראף פון דער אויבען געבראכטער פאעמא.

זייט 20:

פון „יוני", פון וויליאם קאלען ברייענט.

דארט, דורך די לאנגע, לאנגע זומער שעה'ן,
זאל דאס גאלדענע ליכט ליגען,

און געריכטע יונגע בוימלעך און הויפענס בלומען
זאָלען אין זייער שעהנקייט שטעהן דערביי.
דער אָריאָל זאָל בויען זיין נעסט און דערצעהלען
זיין ליעבע געשיכטע, הארט לעבען מיין צעל;
דער זאָרגלאָזער שמעטערלינג
זאָל רוהען דאָרט, און הערען זאָלען זיך
דאָס זשומען און צוויטשערען פון ביהן און פויגעל.

און אויב פרעהליכע אויסגעשרייען אין מיטען טאָג
וועלען קומען פון דעם דאָרף,
אָדער געזאַנגען פון מיידלעך, אונטער דער לבנה,
געמישט מיט באַצויבערענדען געלעכטער?
און אויב אין אָווענטליכען ליכט
וועלען צוויי ליעבהאָבער שפּאַצירען
לעבען מיין נידריגער מצבה?
איך וואָלט געוואָלט, אז דער שעהנער אָרט ארום
זאָל קיין טרויעריגערע בילדער און קלאַנגען נישט פאַרנעמען.

איך ווייס, איך ווייס, איך וועל נישט זעהן
דעם הערליכען ספּעקטאַקעל פון נאַטור'ס באַלעבונג,
און איהר העלקייט וועט פאַר מיר נישט שיינען,
און איהר מוזיק וועט פאַר מיר נישט פליסען;
אָבער אויב צו דעם אָרט פון מיין רוה וועלען קומען
באַוויינען מיך די פריינד, וועמען איך האָב געליעבט,
וועלען זיי נישט איילען אָוועקצוגעהן.
זיסער דופט און געזאַנג און ליכט און בליהונג
וועלען זיי לענגער אויפהאַלטען ביי מיין קבר.

דאָס אלץ וועט צו זייערע מילדע הערצער ברענגען
די געדאַנקען וועגען דעם, וואָס איז געוועז.

און דערצעהלען וועגען איינעם, וואס קאן נישט טיילען
דאס גליק, וואס איז דא צושפרייט;
וועמעס טייל, ביי דער גאנצער הערליכקייט,
וואס פילט אן דעם קרייז פון די בערגלעך זומער־צייט,
איז נאר, אז זיין קבר איז גרין;
און טיף דערפרעהט וואלטען זייערע הערצער געווען
צו הערען ווידער די ליעבענדע שטים.

זייט 22:

די דריטע סטראף פון דער אויבען געבראכטער פאעמא
„דער פארלוירענער וואנדערער" פון לאנגפעלאו.

זייט 22:

„דער טאסט" פון עדוארד קוט פינקני:

איך פיל אן דעם בעכער פאר איינע, וואס איז באשאפען
אינגאנצען פון ליעבליכקייט;
א פרוי, וואס זעהט אויס, ווי די קרוינונג
פון איהר איידעלען מין;
וועמען די בעסערע עלעמענטען
און די פריינדליכע שטערען האבען געגעבען
אזא שעהנע פארם, וואס איז, ווי די לופט,
ווענינער פון דער ערד, ווי פון דעם הימעל.

איהר יעדער טאן איז מוזיק,
ווי די טענער פון די מארגען־פויגלען,
און עפעס, וואס איז מעהר ווי מעלאדיע,
איז שטענדיג פאראן אין איהרע ווערטער;
זיי ווערען געמינצט אין איהר הארצען,
און פליסען פון איהרע ליפען.

ווי מען קאָן זעהן די באַלאַדענע ביהן
אַרויסקומען פון דער רויז.

צאַרטע געפיהלען זענען ווי געדאַנקען ביי איהר,
די מאַסען פון איהרע שעה'ן;
איהרע געפיהלען האָבען דעם דופט,
די פרישקייט פון יונגע בלומען;
און ליעבע ליידענשאַפטען, וואָס ענדערען זיך אָפט,
פילען זי אַן אַזוי, אַז זי זעהט אויס,
ווי דאָס בילד דאַ פון דער, דאָ פון יענער, —
דער אידעאַל פון פאַרגאַנגענע יאָהרען!

איין בליק אויף איהר געזיכט וועט אויסמאָלען
אַ בילד פון איהר אין מאַרד,
און פון איהר שטים אין עמפינדליכע הערצער
וועט לאַנג אַן אָפּקלאַנג מוזען בלייבען;
אָבער די ערינערונג, ווי מיינע אָן איהר,
מאַכט זי אַזוי טייער און ליעב,
אַז ווען טויט קומט, וועט מיין לעצטער זיפץ
נישט געהערען צו לעבען, נאָר צו איהר.

איך פיל אָן דעם בעכער פאַר איינע, וואָס איז באַשאַפען
אינגאַנצען פון ליעבליכקייט,
אַ פרוי, וואָס זעהט אויס, ווי די קרוינונג
פון איהר איידעלען מין —
איהר געזונט! און כ'וואָלט געוואָלט, אַז אויף דער ערד
זאָל זיין מעהר פון אַזעלכע פאָרמען,
אַז לעבען זאָל אינגאַנצען זיין פּאָעזיע,
און לאַנגווייליגקייט און מידקייט — אַ נאָמען.

זייט 25 :

## פון די „מעלאָדיען" פון טאָמאַס מור.

קום, רוה אָפּ אויף אָט דער ברוסט, מיין שוועך געטראָפענע שאָף,
כאָטש די סטאדע איז פון דיר אנטלאָפען, איז דיין היים נאָך אַלץ דאָ;
נאָך אַלץ דאָ איז דער שמייכעל, וואָס קאָן ניט פאַרוואָלקענט ווערען,
און אַ האַרץ און אַ האַנט, וואָס זענען דיינע ביז צום ענד.

אָ, צו וואָס איז ליעבע באַשאַפען געוואָרען, אויב זי איז ניט דיזעלביגע
דורך פרייד און דורך פיין, דורך רוהם און דורך שאַנד?
איך וויים ניט, איך פרעג ניט, אויב שולד איז אין דעם האַרצען,
איך וויים נאָר, אַז איך ליעב דיך, וואָס דו זאָלסט ניט זיין.

דו האָסט מיך גערופען דיין מלאך אין רגע'ס פון זעליגקייט,
און דיין מלאך וועל איך זיין דורך אַלע שרעקען,
דורך דעם גיהנום וועל איך אומערשראָקען נאָכגעהן דיינע טריט
און באַשיצען דיך, און רעטען דיך, אָדער אַליין דאָרט אומקומען!

זייט 26 :

## „די שעהנע אינעם" פון טאָמאַס הוד.

אָ, האָט איהר נישט געזעהן די שעהנע אינעם?
זי איז אוועק נאָך וועסט,
צו גלאַנצען, ווען די זון איז פאַרגאַנגען,
און אוועקרויבען פון דער וועלט די רוה;
זי האָט גענומען איהר טאָגליכט מיט זיך,
די שמייכלען, וואָס מיר ליעבען מעהר פון אַלץ,

מיט דער מאָרגען־רויטקייט אויף די באַקען
און די פּערל אויף איהר ברוסט.
אַ, קער זיך אום, שעהנע אינעס
פאַר דעם אַנקומען פון נאַכט,
אַז די לבנה זאָל נישט שיינען אליין,
און די שטערען זאָלען נישט איבערשטיגען ווערען
אין העלקייט;

און געבענשט וועט זיין דער ליעבהאָבער,
וואָס וועט געהן אונטער זייער ליכט,
און אָטמען די ליעבע אין דיין געזיכט,
וואָס איך וואג אפילו נישט באשרייבען!

איך וואָלט אליין געוואָלט זיין, שעהנע אינעס,
יענער גאַלאַנטער קאַוואַלער,
וואָס האָט געריטען פרעהליך לעבען דיר
און האָט אזוי נאָהנט צו דיר עפּעס געמורמעלט!
זענען דען אין דער היים נישט געווען קיין שעהנע דאַמען,
אָדער דאָ זענען נישט געווען קיין טרייע ליעבהאָבער,
אַז ער האָט געדאַרפט איבערפאָהרען דעם ים צו געווינען
די טייערסטע פון טייערע?

איך האָב געזעהן דיך, ליעבליכע אינעס,
אַראָפּגעהן פון דעם ברעג,
מיט גרופּען פון נאָבעל־לייט,
און פאָהנען האָבען געוועהט פאַראויס;
און איידעלע יונגעלייט און פרעהליכע מיידלעך,
שניי־ווייסע פעדערען האָבען זיי געטראָגען;
דאָס וואָלט אלץ געווען א שעהנער חלום,
ווען דאָס וואָלט נישט געווען מעהר!

וועה, וועה, שעהנע אינעם
איז אוועקגעגאנגען מיט געזאנג,
מיט מוזיק, וואס האט באגלייט איהרע טריט,
און אויסגעשרייען פון דער מאסע;
אבער אייניגע זענען געווען טרויעריג און האבען
נישט געפיהלט קיין פרייד,
נאר אז אומגערעכט איז געווען די מוזיק,
אין די קלאנגען, וואס האבען געזונגען: אדיע! אדיע!
צו דער, וואס מען האט אזוי לאנג געליעבט.

אדיע, אדיע, שעהנע אינעם,
יענע שיף האט קיינמאל נישט געטראגען
אזא שעהנע דאמע אויף זיין דעק,
האט קיינמאל אזוי לייכט נישט געטאנצט, —
וועה! דאס פארגניגען אויפ'ן ים,
דער טרויער אויפ'ן ברעג!
דער שמייכעל, וואס האט גליקליך געמאכט איין
ליעבהאבער'ס הארץ,
האט צובראכען אזוי פיעל אנדערע!

זייט 28:

„די בריק פון זיפצען" פון טאמאס הוד.

נאך איין אומגליקליכע,
מיעד פון דעם לעבען,
האט זיך אין פארצווייפלונג
איבערגעגעבען דעם טויט!

נעמט זי אן זארגפעלטיג,
הויבט זי אויף מיט ליעבע; —

זי איז אַזוי שלאַנק,
אַזוי יונג און אַזוי שעהן!

באַטראַכט איהרע קליידער,
ווי פעסט זיי האָבען זיך צוגעקלעפּט;
דאָס וואַסער אומאויפהערליך
רינט פון די קליידער;
נעמט זי אויף באַלד
מיט ליעבע, נישט מיט צאָרן. —

באַריהרט זי נישט מיט פאַראַכטונג;
דענקט וועגען איהר מיט אַ געפיהל פון טרויער,
געדולדיג און מענשליך;
געדענקט נישט איהר שאַנד,
אַלץ, וואָס בלייבט פון איהר,
איז דאָס ריין ווייבליכע.

פאָרשט נישט צו טיף
אין איהר אויפשטאַנד קעגען לעבען.
איהר אומגעדולדיגקייט און אומגעהאָרכזאַמקייט;
אומבאַפלעקט איז זי איצט.
דער טויט האָט אונז אין איהר געלאָזען
נאָר דאָס, וואָס איז שעהן.

נישט אַכטענדיג אויף איהרע אַלע פעהלערען,
איז זי דאָך איינס פון חוה׳ס קינדער —
ווישט אָפּ דער אָרימער׳ס ליפּען,
פון וועלכע שליים קומט נאָך אַרויס,
בינדט אויף איהרע האָר,
וואָס איז נישט פאַרקעמט.

איהרע שעהנע גאָלדענע לאָקען;
אַלע פרעגען אין פאַרוואונדערונג:
וואו איז געווען איהר היים?

ווער איז געווען איהר פאָטער?
ווער — איהר מוטער?
האָט זי אַ שוועסטער?
האָט זי אַ ברודער?
אָדער האָט זי געהאַט נאָך איינעם,
וואָס איז געווען טייערער און נאָהנטער,
איידער אַלע אַנדערע?

וועה, ווי זעלטען עס איז
קריסטליכע מענשליכקייט
אונטער דער זון!
ווי האַרצרייסענד דאָס איז געווען!
אין אַ גרויסער שטאָדט
האָט זי קיין היים נישט געהאַט.

געפיהלען שוועסטערליכע, ברודערליכע,
פאָטערליכע, מוטערליכע
זענען פאַרשוואונדען:
ליעבע איז גרויזאַם
ארונטערגעוואָרפען געוואָרען פון איהר הויך;
אפילו גאָט'ס פאַראויסזעהן
האָט זיך אָפּגעקערט פון איהר.

וואו דאָס ליכט פון לאָמפּען
ציטערט אין טייך,
און עס פאַלט אַראָפּ דער שיין

פון העל־באַלויכטענע פענסטער,
פון בוידעמס און קעלערן,
איז זי געשטאַנען פאַרווירט
א היימלאָזע ביינאכט.

דער רויהער ווינט פון מעריץ
האט זי געמאכט צו ציטערן,
אבער אומערשראָקען האט זי געקוקט
אויף דעם שטראָם אונטען;
מיד פון דעם לעבענסגאנג,
מיט פרייד איז זי אנטקעגען געגאנגען
דעם סוד פון טויט,
אום שנעל אוועקגעטריבען צו ווערען
וואוהין ניט איז,
נאר אוועק פון דער וועלט!

מוטיג האט זי זיך אריינגעוואָרפען,
איהר האט נישט געארט, ווי קאלט
דאס וואסער פון טייך איז געוועזן,
מוטיג דעם ראנד אריבערגעשפרונגען, —
דענק וועגען דעם, שטעל זיך דאָס פאר,
אויסגעלאסענער מאַן!
און דאן באד זיך אין דעם וואסער,
טרינק עס, אויב דו וואגסט!

נעמט זי אויף זאָרגפעלטיג;
הויבט זי אויף מיט ליעבע;
זי איז אזוי שלאַנק,
אזוי יונג און אַזוי שעהן!

איידער דער טויט מאכט
איהרע גלידער צו שטייף,
מיט זארג און מיט ליעבע
שטרעקט זיי, גלעט זיי אויס;
און שליסט צו איהרע אויגען,
וואס שטארען אזוי בלינד!

זיי שטארען אזוי שרעקליך
דורך דעם שליים,
ווי מיט דעם לעצטען
בליק פון פארצווייפלונג,
געווענדט צו יענער זייט פון קבר.

טרויעריג אומגעקומען,
געטריבען פון פאראכטונג,
קאלטער אוממענשליכקייט,
ברענענדען וואנזין
צו איהר לעצטער רוה, —
לעגט צונויף איהרע הענט
באשיידען, ווי אין א שטומען געבעט,
איבער איהר ברוסט!
צוגעבען איהר שוואכקייט,
איהר שלעכטע אויפפיהרונג,
און איבערלאזען צו אורטיילען
איהרע זינד צו איהר ערלייזער!

זייט 31:

## פון לארד בייראן.

באטש דער טאג פון מיין מזל איז שוין פארגאנגען,
און דער שטערן פון מיין שיקזאל האט אראפגעזונקען,

ווײַל דײַן ווײיך האַרץ נישט ענטדעקען
די פעהלערען, וואָס אַזויפיעל מענשען וואָלטען געפונען;
כאָטש דײַן זעל האָט געוואוסט מײַן טרויער,
האָט זי זיך נישט געשראָקען צו טײלען דאָס מיט מיר,
און די ליעבע, וואָס מײַן זעל האָט זיך פאַרגעשטעלט,
האָט זי קײנמאָל נישט געפונען, אויסער אין ד י ר.

דאָן, ווען די נאַטור אַרום מיר שמײכעלט,
דעם לעצטען שמײכעל, וואָס ענטפערט מײַנעם,
גלויב איך נישט, אַז דער שמײכעל פאַרפיהרט,
ווײַל ער דערמאַנט מיר אָן דײַנעם;
און ווען די ווינטען פיהרען מלחמה מיט דעם אָקעאַן,
ווי די הערצער, אין וועלכע איך האָב געגלויבט — מיט מיר,
איז אויב זײ רעגען אין מיר אַ געפיהל,
איז דאָס — אַז זײ טראָגען מיך אַוועק פון ד י ר.

כאָטש דער פעלז פון מײַן האָפנונג איז צוטרײסעלט,
און שטיקער פון איהם זענען פאַרזונקען אין ים,
כאָטש איך פיהל, אַז מײַן זעל איז איבערגעגעבען געוואָרען
צו פײַן — וועט זי דאָך נישט זײַן זײַן קנעכט.
אַ סך לײַדען וועלען מיך פאַרפאָלגען:
מעגען זײ מיך צוברעכען, אָבער זײ וועלען מיך נישט איבערגעבען
צו פאַראַכטונג —
זײ מעגען מיך מאַטערען, אָבער זײ וועלען מיך נישט מאַכען
אונטערטעניג —
ווײַל וועגען ד י ר איז מײַן געדאַנק, נישט וועגען זײ.

כאָטש דו ביסט מענשליך, האָסטו מיך נישט באַטראָגען,
כאָטש דו ביסט ווײַבליך, האָסטו מיך נישט פאַרלאָזען,
כאָטש געליעבט, האָסטו מיר נישט וועה געטאָן,

כאטש פארלוימדט, האסטו קיינמאל נישט געוואקעלט, —
כאטש באגלויבט, האסטו זיך פון מיר נישט אפגעזאגט,
כאטש געשיידט פון מיר, אבער געשיידט נישט צו אנטלויפען,
כאטש וואכזאם, איז דאס נישט געווען צו ווארפען אויף מיר שאנד,
און שטיל ביסטו געווען, נישט אז די וועלט זאל קאנען ליינען.

דאך באשולדיג איך נישט די וועלט און פאראכט זי נישט,
נישט זי און נישט די מלחמה פון א סך קעגען איינעם —
אויב מיין זעל איז נישט געווען פאסיג צו געווינען,
איז געווען נאריש נישט אוועקצוגעהן גיכער:
און ווען אויך טייער האב איך געצאהלט פאר מיין פעהלער,
און מעהר, ווי איך האב ווען עס איז געקאנט פאראויסזעהן,
זעה איך אבער, אז וואס איך זאל נישט האבען פארלוירען,
ד י ך האב איך דורך דעם נישט פארלוירען.

פון די רואינען פון דער אומגעקומענער פארגאנגענהייט
קאן איך, ווייניגסטענס, דאס געדענקען,
אז געלערענט האב איך, אז וואס ביי מיר איז געווען טייערער פון אלץ,
האט פארדינט צו זיין דאס טייערסטע פון אלץ:
אין דער וויסט שטראמט א קוואל,
אין דער ברייטער וויסט איז נאך פאראן א בוים,
און א פויגעל זינגט אין איינזאמקייט
און רעדט צו מיין זעל וועגען ד י ר.

זייט 33:

פון „די פרינצעסין“, פון לארד טעניסאן.

טרערען, נארישע טרערען, איך וויים נישט זייער באדייטונג,
טרערען פון דער טיף פון דער העכסטער פארצווייפלונג

שטעהען אויף אין הארצען און זאמלען זיך אין די אויגען,
ווען איך באטראכט די געבענשטע פעלדער פון הערבסט
און דענק וועגען די טעג, וואָס זענען פארשוואונדען.

פריש, ווי דער ערשטער שטראל, וואָס גלאנצט אויף אויף א זעגעל,
וואָס שרעקט אונזערע פריינד פון ווייט, ווייט,
טרויעריג, ווי די אוּוועגטרויט אויף א זעגעל,
וואָס זינקט, מיט אלץ, וואָס מיר ליעבען, אונטער דער פלאַך פון ים;
אזוי טרויעריג, אזוי פריש זענען די טעג, וואָס זענען פארשוואונדען.

אך, טרויעריג און זונדערבאר, ווי אין טונקעלע זומער מארגענס
דער ערשטער רוף פון האלב־ערוואכטע פויגלען
פאר דעם אויער פון שטארבענדען, ווען פאר זיינע שטארבענדע אויגען,
טרעט דאָס פענסטער ביסלעכווייז ארויס, ווי א ליכטיגער פלעק;
אזוי טרויעריג, אזוי זונדערבאר זענען די טעג, וואָס זענען פארשוואונדען.

טייער, ווי די עראינערונג אַן קושען פון דער, וואָס איז טויט,
און ליעב, ווי די קושען אין א האָפנונגסלאָזען טרוים
אויף ליפען, וואָס זענען באשטימט פאר אנדערע; טיף ווי ליעבע,
טיף, ווי די ערשטע ליעבע, פול מיט חרטה;
א, טויט אין לעבען, די טעג, וואָס זענען פארשוואונדען.

זייט 36:
„דאָס ליעד פון דעם ריטער" פון מאַדערוויל.

א פערד! א פערד! פון אומפאַרגלייכליכער פלינקייט!
א שווערד פון שארפען שטאָל!
אַלע אנדערע זאכען זענען אומווירדיג פאר נאָבעלע הערצער.

אלע אנדערע זאכען אויף דער ערד זענען געמיין.
דאס הירזשען פון דעם שטאלצען מלחמה־פערד,
דאס שלאגען פון דעם פויק,
דאס שאלען פון דעם הילכינגען טראמפייט —
דאס זאלען זיין די קלאנגען, וואס קומען פון הימעל.
א! זאל דער דונערענדער מארש פון די ריטער
מיט זייערע הילכיגע קריגס־געשרייען
אויפוועקען א ליכטיגען מלאך אין הימעל
און אויפהויבען א שד אין גיהנום.

אויף פערד, אויף פערד, איהר בראווע ריטער,
און טוט אז אייערע העלמען אומגעזאמט:
די שליחים פון טויט, רוהם און עהרע,
רופען אונז ווידער אין פעלד.
קיין ווייבערשע טרערען זאלען נישט אנפילען די אויגען,
ווען דאס הענטעל פון שווערד איז אין דער האנט, —
מיט'ן גאנצען הארצען וועלען מיר זיך שיידען, און קיין איין מאל
נישט זיפצען
אפילו נאך דער שענסטער אין לאנד;
דער שרעקעדיגער דער פייגער יונג
מעג וויינען, פארגיסען טרערען,
אונזער זאך איז צו שלאגען זיך, ווי מענער,
און שטארבען ווי העלדען!

# אינהאַלט

## עסעיען



## ליעדער

### 1833 — 1849

זײט